ד. האָפשטיין

# דער וועג פון פיין

רעצענזיע עקזעמפּלאַר

דוד האָפנונג

# דער וועג פון פּײַן

דערציילונגען

פאַרלאַג „ייִדיש-בוך"

לאָדזש 1949



דוד האָפּנונג איז אַ פּנים=חדשות אין דער יידישער ליטעראַ=
טור. ער איז עס נישט נאָר פאַר דער עפנטלעכקייט, נייערט אַלס
שרייבער אויך פאַר זיך אַליין. ער האָט אפילו נישט געחלומט
וועגן ווערן אַ שרייבער. ווען ער איז אַלט געווען פיר יאָר איז אים
געשטאָרבן דער פאָטער. ווען ער איז אלט געוואָרן זעכצן האָט
ער אָנגעשריבן אַ ליד, אָבער זיינע אייגענע האָבן אים אויסגעלאַכט,
און מער האָט ער זיך צו „די דאָזיקע נאַרישקייטן“ נישט אומגע=
קערט. ער האָט דעם אייגאונאיינציקן שעפערישן פונק פאַרבאַ=
האַלטן אונטערן אַש פון אַ לעבן, וואָס ברענט זיך אויס אין שווער'ן
קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

דער גרויליקער יידישער אומגליק האָט האָפּנונגען אַריינגע=
וואָרפן אין דעם יידישן געטאָ אין וואַרשע, וו ער האָט זיך געפונען
אַ גאַנץ יאָר. שפּעטער האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דעם אום=
קום אונטער דער מאַסקע פון זיין „גוטן אויסזען“ אויף דער אַרי=
שער זייט.

„אני הגבר ראה עני בשבט עברתו!“ — דוד האָפּענונג האָט
מיט די אייגענע אויגן צוגעזען, ווי אונדזער פאָלק מאכט דורך דעם
גרויליקן „וועג פון פיין“ אונטער דער צאָרנדיקער רוט פון דעם
מענטשן=מערדער. אַלץ וואָס ער האָט צוגעזען, האָט זיך ביז אַ מינ=
דעסטן פּרט פאַרצייכנט אין זיין יידיש וואַכזאַם האַרץ.

אים איז אָנגעצייכנט געווען, נאָכדעם ווי דער בלוט=מבול
האָט זיך איבערגענומען, אַרויסצוגיין אַן אומבאַשעדיקטער פון
דער „אַרישער תיבה“. אַרום זיך האָט ער דערזען בלויז דעם מדבר
פון יידישע געטאָס.

דוד האָפּנונג האָט דערפילט אין זיין שוידערלעכער איינזאַמ=
קייט, אַז עפּעס דאַרף ער טאָן אין דעם לאַנד, וואָס שטייט אויף צו
אַ נייע פּראָדוקטיווע און ערלעך לעבן צוזאַמען מיט דער שארית=
הפליטה פון זיין פאָלק. נאָר וואָס — האָט ער נישט פאַרשטאַנען.
ער האָט עס אַזוי נישט געוווסט ביזן 46=טן יאָר. ערשט דעמאָלט
האָט ער דערפילט, אַז ס'איז זיין הייליקע פליכט צו פאַרצייכענען
לדורות, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען, בעת זיין האַרץ איז אין
שרעק פאַרן אייגענעם לעבן אָפּגעגאַנגען מיט בלוט פאַרן גורל פון
זיין פאָלק. ער האָט זי גענומען דערפילן און איז געוואָרן אַ שרייבער.

דוד האָפּנונג האָט זיך נישט גענומען שילדערן זיינע פּער־זענלעכע פּלאָגענישן, פּחדים, טויט־געפאַרן, נאָר „דעם וועג פון פּיין" פונעם גאַנצן פאָלק. און נישט קיין טרוקענע כראָניק האָט זיך באַקומען פון זיין שרייבן. דער שעפערישער פונק, וואָס האָט זיך יאָרנלאַנג געשטיקט אונטערן בארג אַש און שטויב פון זיין שווע־רער פאַרהאַוועניש, האָט זיך אויפגעכאַפּט, אָנגעגליט זיין פעדער און באַלויכטן פאַר איר דעם וועג. עס האָבן זיך באַקומען קינסט־לערישע דערציילונגען, וועלכע וויקלען באמת אָפּ פאַר אונדזערע אויגן אַ שטיק „וועג פון פּיין", אויף וועלכן מיר זעען סיי דעם היי־ליקן גאַנג פון די מאַרטירער, סיי דעם וועג פון די בלוטדורשטיקע תּליינים, און די ביידע גענג מאַכן גרויל דאָס לייב און די נשמה פון דעם לייענער.

דוד האָפּנונג, אַ מאַן אין די פערציקער יאָרן, איז, ווי געזאָגט, ערשטיק אין זיין שרייבן. דאָס איז אפשר די סיבה פון זיינע שוואַכקייטן. ערטערווייז איז זיין זאַץ נאָך רוי אין דער קאָנסטרוק־ציע, עס פעלט פולקאָמענקייט אין דער קאָמפּאָזיציע אין געוויסע דערציילונגען. דוד האָפּנונג דאַרף ערשט לערנען ביי די וואָרט־מייסטערס דעם סוד פון קינסטלערישן צימצום און פון מייסטע־רישן שלייפן יעדע פּראָזע, יעדעס וואָרט.

דאָס וועט קומען מיט דער צייט. מיטן גאַנג פון זיין ווייטערדי־קן שאַפן. אָבער האָפּנונגס ערשט בוך ליידט פון אַן ערגערן חסרון — פון „איינזייטיקייט": עס ווייזט אונדז בלויז די שוואַרצע זייט פון דעם דעמלטדיקן יידישן „לעבן", דעם „וועג פון פּיין". און ווו איז די צווייטע זייט, די ליכטיקע — „דער וועג פון קאַמף"? עס ווייזט אונדז דעם וועג פון די רשעים ביי די אומות־העולם; און ווו איז דער וועג פון זייערע צדיקים? מע דאַרף דערוואַרטן, אַז דוד האָפּנונג, אַ שרייבער מיט אַ שאַרף אויג צו דערזען סצענעס און בילדער ביז די דינסטע דעטאַלן — אַ רייפערער שוין אין זיינע קינסטלערישע מעגלעכקייטן — וועט עס אונדז באַווייזן אין זיינע ווייטערע שאַפונגען.

ערשט דעמאָלט וועט דוד האָפּנונג קאָנען מיט אַ ריין קינסט־לערישן געוויסן זאָגן: איך האָב אַלס שרייבער דערפילט מיין שלי־חות בנוגע מיין פאָלק און דער גאַנצער מענטשהייט, וואָס האָט אויך דורכגעמאַכט די זעלבע וועגן: דעם וועג פון פּיין און דעם וועג פון קאַמף — וועגן, וועלכע פירן צו אַן אויסגעלייטערטן ליכ־טיקן מאָרגן אַלע פעלקער פון דער וועלט.

**ל. אָליצקי**

# אויף א וואָקזאַל

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט.

פון די פול-געפּאַקטע וואַגאָנען האָבן מענטשן, באַלאָדענע מיט קליינע און גרויסע פּעק, אייליק, מיט רעשיקן טומל, זיך געשטופּט און געשפּרונגען דורך די געעפנטע טירן און ארויסגעזעצטע פענצטער. זיי האָבן זיך מיט אומרואיקע, לויפנדיקע אויגן גיך ארומגעקוקט, צי מען זעט נישט דאָ נאָענט קיין דייטשן און, גייענדיק מיד אַנטקעגן ווינט און ווייטיקדיק-שטעכנדיקן שניי, זיך באַמיט וואָס שנעלער צו פאַרשווינדן פון פּעראָן.

ס'איז געווען אַ קאַלטער, סוף-האַרבסטיקער נאָכמיטאָג. די קעלט האָט דורכגענומען די ביינער. א פּראָסטיק-בייסנדיקער ווינט האָט געפייפט און געבלאָזן מיט א מוראדיקער קראפט, איינגעשטילט זיך אויף א ווייל און ווידער אָנגעהויבן צו יאָגן, טרייבנדיק גאַנצע וואָלקנס שניי אין א משוגענעם, ווירבלדיקן טאַנץ.

פּיאָטר האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון דעם קורצן, ווינטערדיקן פּעלצל און מיט זוכנדיקע אויגן זיך ארומגעקוקט. ער איז צוגעגאַנגען צו א באַן-ארבעטער. דערוויסנדיק זיך, אז ערשט ביינאַכט וועט ער האָבן אַ צוג ווייטער צו פאָרן, איז ער אריינגעגאַנגען אין וואָקזאַל איבערצוווארטן די צייט.

ער האָט זיך א ווייל פארהאַלטן אין דער טיר, מרוזשענדיק די אויגן. דער פול אָנגעשטאָפּטער זאַל איז געווען איינגעהילט אין א טונקעלן, נעפּלדיקן רויך. אָנגעפּעלצטע פויערים און פאַרבאַבלטע פויערטעס זיינען געלעגן אויפן דיל, די פּעקלעך צוליב פאָרזיכטיקייט אונטער זיך, און געדרימלט. פּיאָטר האָט פאָרזיכטיק געשפּרייזט צווישן דעם קנויל הענט און פיס און געזוכט אן אָרט

זיך אנידערצוזעצן. אין עקסטן ווינקל פון זאל האָט ער אין דער האלב - טונקלקייט באמערקט א שטיקל פריי אָרט אויף א באנק און איז ניך, אריבערשפרינגענדיק איבער עטלעכע מענטשן, צוגע-לאָפן. ער האָט זיך געאיילט אנידערזעצן, אָבער אין דער זעלבער רגע האָט ער דערזען די מענטשן אויף דער באנק און איז גע-בליבן שטיין.

אויף דער באנק איז געזעסן אן אלטע פרוי אָרעם אָנגעטאָן. דעם קאָפּ האָט זי געהאט ארומגעוויקלט מיט א צעריסן, שמוציק טיכל, פון וועלכן ס'האָט זיך בלויז ארויסגעזען איר דינע, לאנגע נאָז און איינגעשרומפּן, איינגעפאַלן מויל. זי איז געזעסן איינ-געהויקערט מיט אן ארויפגעלאָזטן קאָפּ און, כדי צו פארנעמען וואָס ווייניקער אָרט, האָט זי זיך פעסט צוגעדריקט צו א יונג מיידל לעבן איר. דאָס מיידל האָט מיט דערשראָקענע אויגן אים אָנגעקוקט. פיאָטר האָט אַ קורצע וויַל געקוקט אויף זייערע אָרעמ-בענדער. ער האָט זיך אַנטשלאָסן אויסגעדרייט און איז אַוועק-געגאנגען.

— אומעטום זיינען זיי דאָ, — האָט ער מיט כעס געברומט, זוכנדיק מיט די אויגן אן אנדער אָרט זיך אנידערצוזעצן: מע קאָן זיי נאָרנישט פטור ווערן!

ער האָט נאָך לאנג ארומגעשפּרייזט. ענדלעך האָט ער נישט ווייט פון וואַרעמער, איינגעהייצטן אויוון געפונען אַ פריי אָרט. ער האָט זיך אנידערגעזעצט, אָנגעשפּארט זיך אין טיש און פון מיד-קייט אָנגעהויבן באלד צו דרימלען.

א גערודער ביי דער טיר האָט אים אויפגעוועקט.

מענטשן פון א פריש אָנגעקומענעם צוג האָבן זיך געשטופּט אין זאַל אריין. די ערשטע גרופּע, וואָס האָט זיך אַרייַנבאַקומען, איז פארהאלטן געוואָרן דורך די ליגנדיקע מענטשן אויפן דיל. אָבער דער עולם, וואָס איז געבליבן פון יענער זייט טיר, האָט מיט זידלערייען און קללות ווייטער זיך געשטופּט. ס'איז געוואָרן א מהומה, א געוואלד. איינער איז געפאלן איבערן אנדערן. די ליגנ-דיקע מענטשן זיינען מיט שרעק אויפגעשפּרונגען. זיי האָבן נישט געהאט קיין צייט צו כאַפּן זייערע פעקלעך, ווערנדיק אַוועקגע-שטויסן פון דעם אָנגרייפנדיקן עולם. ס'האָט געדויערט א לענגע-רע צייט, ביז דער טומל האָט זיך איינגעשטילט.

אין דער טיר האָבן זיך פּלוצעם באַוויזן עטלעכע דייטשע זעל-נער. דער עולם האָט געוואָלט מאכן א דורכגאנג און אויפסניי זיך

אָנגעהויבן צו שטופּן. א הויכער, מגושמדיק־אויסגעפּאַשעטער אונטעראָפיציר מיט א טאָפּלטן, ווייבערשן גוידער, וועלכער האָט זיך אין די זײַטן צוגויפגעגאָסן מיט די צעווירן־אראָפּהענגענדי־קע באקן, איז געוואָרן אומגעדולדיק און מיט זיינע גראָבע, פעטע ליפּן אויפגעהויבן א געוואלד. „אויב מען מאכט אים נישט זאָ־פאָרט א דורכגאנג, — האָט ער געשריגן מיט א גראָב, הייזעריק קול פון א בולדאָג, וואַרפט ער גלייך ארויס דאָס גאנצע דרעק!“ דערביי האָט ער מיט זיין אויסגעשטרעקטער האנט אָנגעוויזן אויף דעם עולם אין זאַל. דערהערנדיק זיין היפּש־כאָרכלדיק קול, האָבן מענטשן אויפגעשווידערט און נאָך שטארקער זיך אָנגעהויבן צו שטופּן. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. פארקערט. ס'איז נאָך געוואָרן ענגער.

רויט פון רציחה, מיט אַ צעטרייסלטן גוידער און אויסגעגלאָצ־טע אויגן, איז ער אריין צווישן עולם און מיט זיינע ריזעדיקע, בערישע לאפּעס אָנגעהויבן אויסצוהאקן זיך א וועג. איבערן גאנצן זאל האָט זיך צעטראָגן אן אימהדיק געשריי. ווילד־געוואָרענע פון שרעק, זיינען מענטשן געשפּרונגען איינער איבערן אנדערן. ס'האָט נישט לאנג געדויערט און ארום אים איז אנטשטאנען א ברייטער, פרייער קרייז.

מיט א פארשוויצט פּנים איז ער געבליבן שטיין אין דער מיט. ער האָט שווער געאָטעמט און מיט א פינצטערן, דראָענדיקן בליק זיך ארומגעקוקט. מענטשן האָבן זיך געווישט די פארבלוי־טיקטע פּנימער און אראָפּגעלאָזט די אויגן פאר זיין אומהיימלער־גרויזאמען בליק.

אויף זיין פּנים האָט זיך באוויזן א צופרידענער שמייכל. מיט איין קלאַפּ פון ביידע הענט האָט ער זיך אויסגעגלייכט דאָס היטל אויפן שטערן, פארדרייכערט א ציגאר און, פארלייגנדיק די הענט אויף דער ברוסט, פּאמעלעך, מיט א גאַווהדיק־ארויפגעהויבע־נעם קאָפּ, אָנגעהויבן צו שפּרייזן. מענטשן האָבן מיט אימה נע־רוקט זיך אין א זייט, געמאכט ברייטער דעם דורכגאנג פאר דעם אומבאגרענעצטן הערשער פון דער וועלט.

פון הינטן זיינען נאָכגעגאנגען צוויי דייטשע זעלנער, זיינע קאמעראדן. זיי זיינען געגאנגען שטייף־אויסגעגלייכט, ווי היל־צערנע מאַנעקינען און האָבן געקלאַפּט אינעם דיל מיט די באַנאָגלטע שטיוול, האלטנדיק די הענט, ווי דער אונטעראָפיציר, פארלייגט אויף דער ברוסט. די ארויפגעצויגענע, וויבטיקע ערנסטקייט אויף

זייערע פנימער האָט נישט געקאָנט פאַרדעקן די פרייליכע, לומפיקע פייערלעך אין זייערע אויגן, וואָס האָבן געקוקט פול מיט באוווּנדערונג אויף דעם אונטעראָפיצירס רויטן, אָנגעגאָסענעם קאָרק. אין זאַל איז געווען שטיל, קיין שום שאָרך. אַלע זייגען פאַרגליווערט געוואָרן. אין דער טויטער שטילקייט האָבן זיך גאָר געהערט די גלייכמעסיקע, ריטמישע טריט פון די שפרייזנדיקע דייטשן.

מיטאַמאָל איז דער אונטעראָפיציר געבליבן שטיין, פאַרהאַלטנדיק זיין בליק אויף א יינגל פון א יאָר זעכצן, וועלכער האָט פלוצעם אָנגעהויבן פלייסיק עפעס צו זוכן אונטער דער באַנק, ווו ער איז געזעסן.

— קאָם מאַל הער, יודע! — האָט דער אונטעראָפיציר אַ רוף געטון.

דאָס יינגל האָט נישט געהערט. עס האָט נאָך נידעריקער זיך אַראָפּגעבויגן און נאָך פלייסיקער געזוכט.

— דאָנער־וועטער, דו פערפלוכטער יודע, קאָם מאַל הער!!!

— האָט דער ציגאַר אָנגעהויבן צו לויפן צווישן דעם אונטעראָפיצירס נאַסע, גראָבע ליפן.

נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט דאָס יינגל זיך אויפגעשטעלט, גענומען זיין פעקל און איז צוגעגאַנגען.

— וואָס טוסטו דאָ אויפן וואָקזאַל? — האָט דער אונטעראָפיציר כלומרשט רואיק געפרעגט.

דאָס יינגל איז געשטאַנען מיט אן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און האָט געשוויגן.

— וואָס טוסטו דאָ?... ענטפער!!! — האָט דער אונטעראָפיציר א געשריי געטון, אוועקוואַרפנדיק דעם האלב־אויסגערייכערטן ציגאַר.

דאָס יינגל האָט אויפגעהויבן די אויף טויט־איבערגעשראָקענע אויגן. אָבער איידער עס האָט נאָך צייט געהאַט אַרויסצורעדן א וואָרט, האָט עס באַקומען א זעץ אין פנים און איז א צעבלוטיקטער אוועקגעפלויגן אין א זייט.

— נעם אים און זע וואָס ער האָט דאָרט אינעם פעקל — האָט דער אונטעראָפיציר א זאָג געטון צו איינעם פון זיינע קאַמעראַדן.

אַ פּאָר דייטשל מיט א יינגליש־שקאָצעוואַטע פנימל איז צוגעשפרונגען און, אָנכאַפּנדיק דאָס יינגל מיט איין האַנט פון הינטן,

האָט ער מיט דער צווייטער אים געשטויסן און געשטופּט צו דער טיר.

דאָס יינגל איז געגאַנגען מיט וואַקלדיקע טריט, נאָכשלעפּנ־דיק נאָך זיך זיין פּעקל. שטראָכעלער בלוט זיינען גערונען פון זיין נאָז און, אראָפּפאַלנדיק אויפן דיל, רויט געצייכנט זיינע טריט. יעדע ווייל, באַקומענדיק א שטויס, האָט ער פאַלנדיק א שפּרונג געטון פאָרויס, איבערררייסנדיק דעם רויטן, בלוטיקן פאָדעם אויפן דיל.

דער אונטעראָפיציר איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך אויף ברייט־צעשטעלטע פיס און האָט זיי מיט א שטומען, הערשע־רישן בליק באַגלייט ביז צו דער טיר.

ער האָט פאַרויכערט א פרישן ציגאַר.

— צי זיינען דאָ פאַראַן נאָך יידן? — האָט ער הויך גע־פרעגט, פאַרלייגנדיק די הענט אויף די היפטן.

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן מיט זוכנדיקע אויגן זיך ארומצוקוקן.

מיט א האַסטיקער באַוועגונג פון זיין אויסגעשטרעקטער האַנט האָט דער אונטעראָפיציר אראָפּגעטריבן די מענטשן פון דער באַנק דערלעבן און איז אַרויפגעשפּרונגען. מיט ווילד־אויס־געגלאָצטע אויגן האָט ער זיך אַרומגעקוקט.

— אַלע יידן זאָלן שוין אַהערקומען! — האָט ער מיט אַן אויסגעפּאַשעטן, ווייבערשן פינגער געטייטלט אויפן דיל לעבן זיך.

א ווייל איז געווען שטיל. אָבער באַלד האָבן פון אַלע ווינקלען אָנגעהויבן ארויסצוקריכן יידן. זיי האָבן זיך געשטופּט אין דער ענגשאַפט און נישט געקאָנט זיך אדורכקריגן מיט די פּעק, וואָס זיי האָבן נאָכגעשלעפּט נאָך זיך. ס'איז געוואָרן אַ געוואַלד, אַ שטו־פּעניש. מענטשן האָבן זיך אויפגערעגט.

פּיאָטר איז נאָך געווען באַהערשט פונעם צאָרן קעגן דייטש, וועלכער האָט ערשט מיט עטלעכע מינוט פריער ביי דער טיר זיך געלאָזט אזוי ווילגיין איבער פּאָליאַקן. און הערנדיק איצט דאָס זידלען די יידן, וואָס האָבן מיט בלייבע, דערשראָקענע פּני־מער געשטופּט זיך צווישן עולם, האָט אים אינגאַנצן באַהערשט עפּעס אזא מאָדנע אומדייטלעך געפיל, פון וועלכן ער אליין האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג.

א יונגערמאַן מיט צוויי שווערע פּעק אין די הענט האָט מיט

מי זיך דורכגעשמועסט צווישן עולם, נאָכנייענדיק א יונגער פרוי, וועלכע האָט געהאַלטן א קינד אויף דער האַנט.

א יונגער פּאָלקסדייטש מיט א פאַרשלאָפן, צעקנייטשטע פּנים און צעשויבערטע האָר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון טיש, בעת דער יונגערמאַן איז פאַרבייגעגאַנגען לעבן אים.

— שנעלער, ייד! וואָס שפּילסטו זיך? דער אָפיציר וואַרט דאָך אויף דיר! — האָט ער, אהינקוקנדיק צום אונטעראָפיציר מיט א חניפהדיק - איבערגעגעבענעם בליק, א געשריי געטון.

דער יונגערמאַן האָט זיך פאַרפּלאָנטערט צווישן די פּעקלעך און איז אומגעפאַלן. פון צווישן עולם האָט עמעץ זיך צעלאַכט. פּיאָטר האָט נישט געלאַכט. ס'איז אים עפּעס פּלוצעם געוואָרן שטאַרק הייס. די באַקן האָבן אים געגליט. ער האָט זיך צעקנעפּלט און, ווי ער וואָלט זיך געשעמט מיט דער גאָר נישט שיינער זאַך, וואָס עמעץ האָט דאָ אָפּגעטאָן, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט זיך אין געדאַנק אַליין פאַרענטפערט פאַר דעם געפיל פון חרפּה, וואָס האָט אים באַהערשט, פאַר די מענטשן ארום:

„ניין, דאָס דאַרף מען אין אָנוועזנהייט פון דייטשן נישט טון"!.

עטלעכע צענדליק דערשראָקענע יידן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט לעבן אונטעראָפיציר, וועלכער איז ווייטער געשטאַנען אויף דער באַנק און זיך ארומגעקוקט.

— צי זיינען שוין מער קיין יידן נישטאָ? — האָט ער הייך געפרעגט.

א ווייל איז געווען שטיל. מענטשן האָבן געגישטערט מיט די אויגן איבערן גאנצן זאַל. פּלוצעם איז אויף איין אָרט געוואָרן א טומל. פון א ווינקל האָט זיך באַוויזן א יונגערמאַן, א ווייסער, ווי קרייד.

דער אונטעראָפיציר האָט גלייכגילטיק געקוקט מיט זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן אויפן צוקומענדיקן יונגנמאַן. די ברעם איבערן לינקן אויג האָט אים קוים באַמערקבאַר געציטערט. ער איז געשטאַנען מיט די הענט אויף די היפטן און לייכט, נערוועאיש שנעל געקלאַפּט מיטן שפּיץ פון שטיוול אין דער באַנק, ער האָט פאַמעלעך אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל.

— קאָם מאַל הער! — האָט ער דעם יונגנמאַן צוגערופן נאָענטער. ער האָט עטלעכע מאָל א ציי געטון דעם ציגאַר, טשמאָ-

קענדיק מיט די נאסע, פעטע ליפּן, ווי ער וואָלט זיך באַלעקט נאָך א געזונטן און געשמאַקן מאָלצייט.

— פאַרוואָס ביסטו נישט גלייך אַהערגעקומען? — האָט ער, ארויסלאָזנדיק דעם רויך פון מויל, געפרעגט.

דער יונגערמאַן איז ווי אַ פאַרשולדיקטער געשטאַנען מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן און האָט געשוויגן.

— נו, ענטפער... — האָט דער אונטעראָפיציר ווי זיך גע־בעטן ביי אים: פאַרוואָס ביסטו נישט אַהער געקומען?

און פּלוצעם אומגעריכט, אָן אן ענדערונג אין זיין טעמפן פנים, האָט ער אַ צי אויס געטון אַ פוס און מיטן באַנאָגלטן שטי־וול אים אַ זעץ געטון אין פנים אַריין. אַרויסלאָזנדיק אַ קורצן אויס־געשריי, איז דער יונגערמאַן אַריינגעפלויגן צווישן די צונויפגע־זאמלטע יידן.

פיאָטר האָט גיך אויסגעדרייט דעם קאָפּ, דערזעענדיק דעם צעממיתטן יונגנמאַן.

דער אונטעראָפיציר איז אַ צעקאָכטער אַראָפּגעשפּרונגען פון דער באַנק.

— ראַוס! פאַרפלוכטע הינט! — האָט ער מיט רציחה אַ גע־שריי געטון און אָנגעהויבן צו שלאָגן און צו קאָפּען מיט די פיס.

די יידן האָבן אָן אָטעם, פאַלנדיק איינער איבערן אַנדערן, אָנגעהויבן צו לויפן. ביי דער טיר איז געוואָרן א שרעקלעך גע־דראַנג. אַלע צוזאַמען האָבן זיי אין טויט־אַנגסטן זיך געשטופּט און געקוועטשט אין דעם ארויסגאַנג.

פיאָטר האָט זיך עפּעס אינגאַנצן געענדערט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָבן אין בהלה אַנטלויפנדיקע יידן נישט אויס־געזען לעכערלעך אין זיינע אויגן. מיט פאַרוואונדערונג האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל. ער האָט געקוקט אויף דעם צעווילדע־וועטן אונטעראָפיציר, וועלכער האָט ביי דער טיר ווידער געלאָזט אין גאַנג זיינע הענט און פיס, און זיין אויפגעבראַכטקייט און שנאה צו די דייטשן איז אין אים געוואַקסן וואָס אַמאָל שטאַרקער.

ענדלעך זענען אַלע יידן אַרויס. דער גראָבער אונטעראָפּי־ציר מיטן צווייטן דייטש זיינען זיי נאָכגעלאָפן. א קורצע צייט האָבן זיך נאָך פון דרויסן געהערט געוואַלדן און דערנאָך איז גע־וואָרן אינגאַנצן שטיל.

אין זאַל האָט אָנגעהויבן צו רווישן. מענטשן האָבן שנעל פאַרנומען די פריי־געוואָרענע ערטער.

— ער האָט גאַנץ גוט געטון, — האָט עמעץ געשמייכלט. ס'איז איצט אַ סך גערוימער.

— דאָס זיינען דאָך אויך ידישקעס! — האָט פּיאָטר דער־הערט הינטער זיך אַ פּרויען־שטים.

ער האָט זיך אומגעקוקט.

צוויי אייסגעפּיצטע שמאָטישע מיידלעך און אַ יונגער בחור מיט אַ ליאַלקעוואַטע נאַריש פּנים האָבן צודרינגלעך געקוקט אויף דער צווייטער, קעגנאיבערדיקער זייט.

— איר מיינט, אַז זיי שלאָפן? — האָט איינע פון די מייד־לעך, אַ בלאָנד־לאָקיקע מיט שטאַרק אָפּגעפאַרבטע ליפּן גע־זאָגט; זיי מאַכן נאָר אָן אָנשטעל.

זיי זיינען איבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט.

פּיאָטר האָט צוריק אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

לעבן טיש, קעגנאיבער, זיינען אָנגעשפּאַרט איינער אין דער־אַנדערער געזעסן צוויי בלאָנדע מיידלעך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרמאַכטע אויגן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי שלאָפן.

פּיאָטר האָט באַלד באַמערקט ווי זייערע מלבושים איבער זייערע רעכטע הענט זיינען פאָרזיכטיק איבערגעוואָרפן, ווי זיי וואָלטן וואָס פאַרשטעלט.

דער בחור מיטן ליאַלקעוואַטע פּנים האָט פאָרזיכטיק מיט צוויי פינגער אונטערגעהויבן אַ מלבוש אויף איין מיידלס האַנט און, אַראָפּבייגנדיק דעם קאָפּ, אַרונטערגעקוקט. ער האָט האַס־טיק, מיט אויפגעבראַכטקייט אַראָפּגעריסן דעם מלבוש פון איר האַנט, אַנטפּלעקנדיק דעם ווייסן אָרעמבאַנד מיטן בלויען מגן־דוד.

— צי ווייסט איר נישט, אַז יידן טאָרן זיך דאָ אין וואָקזאַל נישט געפינען? — האָט ער מיט אַ שטרענג קול אַ געשריי געטון.

די מיידלעך האָבן ווי אויפגעכאַפּט זיך פון שלאָף. צעטומל־טע, מיט דערשראָקענע אויגן האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט.

— איר מעגט דאַנקען גאָט, וואָס איר האָט אָנגעטראָפן אויף אַן אָרנטלעכן מענטש, — האָט דער בחור אָנגעוויזן מיט אַ פינ־גער אויף זיין ברוסט און דערביי זיך אויסגעגלייכט, איבערגע־מענדיק זיך מיט זיין אָרנטלעכקייט: וואָרן אַ צווייטער אויף מיין אָרט וואָלט באַלד גערופן אַ דייטש... נו, אויף וואָס וואַרט איר? —

האָט ער אויפגעהויבן העכער זיין קול, אָנכאפנדיק א מיידל פאַר א האנט — טראָגט אייך ניך אָפּ פון דאנען און מאכט פריי דאָס אָרט... שנעל!

מיט פּיאָטרן איז פּלוצעם עפּעס געשען. ער האָט אָנגעהויבן גיך צו אָטעמען. דאָס גאנצע בלוט איז אים געקומען אין פּנים אריין. ער איז אויפגעשפּרונגען מיט צעפלאמטע אויגן.

— וואָס ווילסטו פון זיי? — האָט ער שטיל מיט איינגעהאַלטענעם כעס, אָבער מיט א דראָענדיק קול געזאָגט: לאָז זיי צורו!

דער בחור האָט זיך אויף א וויילע פארלוירן, ער האָט מיט פארלעגנהייט א קוק געטון אויף זיינע חברטעס און מיט פרישן מוט אָנגעהויבן צו שלעפּן דאָס מיידל פאַר דער האנט.

— ארויס פון דאנען!

— לאָז זיי צורו, דו הינטישער זון! — האָט פּיאָטר מיט צאָרן אַ געשריי געטון: דו וועסט אייך צוהעלפן די דייטשן? איך...

ער האָט אויפגעהויבן א האנט. דער בחור האָט אָפּגעלאָזט דאָס מיידל און מיט שרעק זיך צוריקגעצויגן. ער איז אינגאנצן צעטומלט געוואָרן. מיט דערשראָקענע און צוגלייך שטארק פארחידושטע אויגן האָט ער זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן און זיך געוואונדערט וואָס קיינער קומט אים נישט צו הילף.

די מענטשן ארום טיש האָבן מיט גרויס נייגעריקייט זיך צוגעקוקט וואָס דאָ וועט ווייטער זיין. אָבער קיינער האָט זיך נישט אריינגעמישט.

פּיאָטר האָט צוריק זיך אנידערגעזעצט אויף דער באנק. דער כעס איז אים פון פאַרשוואונדן. ער האָט שווער געאָטעמט, געקוקט ערגעץ אין א זייט און זיך געפילט עפּעס נישט מיט אלעמען.

די פּוילישע מיידלעך, דעם בחור חברטעס, זיינען שנעל געקומען צו זיך.

— קוקט נאָר אָן דעם יידישן שטיוול־פּוצער... — האָט דאָס מיידל מיט דעם שיינעם, געלאָקטן קאָפּ האָר מיט ביטול פאַרקרומט די רויט־אָנגעפאַרבטע ליפּעלעך.

— וואַרט צו. דער דייטש וועט דאָ באַלד אַריינקומען, — האָט דאָס צווייטע מיידל, אַ פּול־לייביקע מיט אַ הויכן ביוסט, מיט אַ צעקראָכן קול, פּויל געצויגן די ווערטער: ער וועט אים אַרויסוואַרפן צוזאַמען מיט די דאָזיקע קרעציקע יידישקעס.

פּיאָטר האָט בכלל נישט צוגעהערט זיך צו זייערע רייד. ער

האָט זיך געפילט שלעכט, מיד, ווי נאָך אַ שווערער אַרבעט. ס'האָט אים באַנג געטאָן די גאַנצע מעשה.

„וואָס מיש איך זיך אַריין, — האָט ער אַן אומצופרידענער מיט זיך געטראַכט — וואָס גייט דאָס מיך אָן?".

די יידישע מיידלעך זיינען נאָך אַ קורצע צייט געזעסן אומ־אַנטשלאָסענע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. איין מיידל האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אויף פּיאָטרן און שטיל אַ זאָג געטאָן צו איר חברטע:

— קום לאָמיר אַרויסגיין.

זיי זיינען אויפגעשטאַנען און שנעל צוגעגאַנגען צו דער טיר. די פּוילישע מיידלעך האָבן געשמייכלט און מיט אַ שפּאָטיקן בליק זיי נאָכגעקוקט. זיי האָבן שנעל פאַרגומען די פריי געוואָרענע ערטער. דאָס שלאַנקע מיידל מיט די געלאָקטע האָר האָט מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ אויף הינטן אַ זאָג געטאָן עפּעס צו דעם ליאַל־קעוואַטן בחור און, קוקנדיק אויף פּיאָטרן, זיך צעלאַכט מיט אַן אַרויספאָדערנדיק, נצחונדיק געלעכטער.

אין זאַל האָט געוישט. דער עולם האָט שנעל פאַרגעסן, ס'יי דאָס שלאָגן פּאָליאַקן, ס'יי דאָס אַרויסטרייבן די יידן. מענטשן האָבן טומלענדיק געשמועסט, זיך געוויצלט. מע האָט אויפגעפּאַקט די קלימעקלעך. ווו־נישט־ווו האָט זיך באַוויזן אַ פלעשל משקה. דאָס גערודער איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער.

אויפן דיל, צווישן צוויי טישן, איז געזעסן אַ גרופּע מיידלעך און יונגען. זיי זיינען געווען פאַרטאָן אין דער אכילה, ווי זיי וואָלטן שוין אַ פּאָר טעג נישט געהאַט אין זייער מויל. יעדע וויילע האָבן זיי אַרויסגעשאָסן מיט אַ פריילעך, לוסטיק געלעכטער. צווישן זיי אין דערמיט איז ווי אַ באַשיינער פון דער שמחה געזעסן אַ יונגער יונג מיט אַ האַלב־אָפּגעריסענעם אויער און פאַרבלוטיקט פנים. ער האָט געשמאַק געקייעט און הויך מיטגעלאַכט מיט אַלע. פּיאָטר האָט מיט פאַרביטערונג זיך אַרומגעקוקט אויף דעם טומ־לענדיקן עולם.

„זיי האָבן שוין אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מען האָט זיי דערנידע־ריקט און געשלאָגן — האָט ער אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, זיי געמען דאָס אָן, ווי אַ נאַטירלעכע זאַך".

מיטאַמאָל האָט מען פון אַלע זייטן אָנגעהויבן צו רופן:

— ש־ש־ש!... שטיל!...

אַלע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן.

פיאָטר האָט אַ קוק געטאָן צו דער טיר און שנעל צוריק אויס־געדרייט דעם קאָפּ.

— דער גראָבער חזיר איז שוין ווידער דאָ! — האָט ער מיט שנאה שטיל אַ זאָג געטאָן צו זיך.

אין דער טיר איז מיט אַ ציגאַר צווישן די פעטע ליפּן גע־שטאַנען דער הויכער גראָבער אונטעראָפיציר. ער האָט זיך אַ ווייל מיט אַ הערשעריש־נאַווהדיקן בליק אַרומגעקוקט אין, אַרויספילנ־דיק פון דער שטילקייט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין זאַל, די מורא און דרך־ארץ פאַר זיין פּערזאָן, האָט ער אַ שטאַרק צופרידענער זיך צעשמייכלט, פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און פּיפּקענ־דיק דעם ציגאַר אָנגעהויבן צו שפּרייזן.

פיאָטר האָט זיך געצווונגען מער נישט אומצוקוקן זיך. ער האָט אָבער באַלד פאַרגעסן אין דעם אונטעראָפיציר, דערזעענדיק די משונהדיקע אויפפירונג פון די מיידלעך קעגנאיבער. זיי האָבןביידע, ווי אויף אַ באַפעל, אַרויסגענומען פון די האַנטטאַשן שפּי־געלעך און קעמלעך און מיט שנעלע באַוועגונגען, וואַרפנדיק קאָ־קעטיש מיט די קעפּ, אָנגעהויבן זיך צו קעמען. דאָס שלאַנקע מיידל מיט די געלאָקטע האָר האָט שטיל אַ שעפּטשע געטאָן עפּעס דער פול־לייביקער אין אויער אַריין, און ביידע האָבן זיך צעלאַכט. זיי האָבן בעתן קעמען זיך כלומרשט געקוקט מיט גלאַנצנדיקע אויגן אין די שפּיגעלעך און זייטיק פון אונטער די צעקעמטע לאָקן גע־וואָרפן נייגעריקע און חנדלדיקע בליקן.

פיאָטר האָט געגאַפט: „צוליב וועמען איז דאָס?... זאָל דאָס זיין צוליב דעם גראָבן חזיר?...“ ער האָט דערהערט הינטער זיך שווערע טריט און באַמערקט ווי די מיידלעכס בליקן פאָלגן נאָך די טריט.

— טפו! — האָט ער מיט עקל אויסגעשפּיגן.

די מיידלעך זיינען געבליבן זיצן אַ ווייל ווי געפּלעפט. דאָס שלאַנקע מיידל מיט די געלאָקטע האָר איז, רויט ביז איבער די אויערן, אויפגעשפּרונגען.

— דו גראָבער יונג! — האָבן אירע קליינע, רויטע ליפּעלעך געזיידלט: אויב ס'געפעלט דיר נישט דאָ, טראָג זיך אַרויס פון דאַ־נען צו דיינע קרעציקע יידישקעס!

דער ליאַלקעוואַטער בחור, וועלכער האָט זיך מיט אַ ווייל פרי־ער, צוליב די מיידלעכס קאָקעטירן דעם אונטעראָפיציר, געפילט שטאַרק געפאַלן, האָט זיך איצט צוריק געמאַכט זייער וויכטיק.

— ער ווייסט נישט, אַז איך קאָן אים דאָ באַלד אויסלערנען שכל... — האָט ער ענערגיש, מיט חשיבות געדרייט מיטן קאָפּ, האַלטנדיק זיך פונדעסטוועגן פונדערווייטנס.

פּיאָטר האָט מיט אַ ביטולדיקן שמייכל געקוקט אויף זיין דין, לאַנג וואָנסעלע און אויף זיין פראַנטישן קראַוואַט.

דער בחור האָט זיך אונטער פּיאָטרס בליק פאַרלוירן. דער־זעענדיק אָבער, אַז דער אונטעראָפיציר האָט זיך אָפּגעשטעלט און קוקט אַהער צו זיי, האָט ער צוריק באַקומען מוט.

— וואָס מיינסטו דיר דאָס, דו פויערישער קאָפּ, — איז ער דרייסט אַרויס מיט לשון: דו וועסט דאָ באַליידיקן פריילינס? דאָס קאָנסטו טאָן ביי דיר אין פערדשטאַל!

פּיאָטר האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. אָבער דער בחור האָט צייט געהאַט אָפּצושפּרינגען און אויסגעמיטן זיין קלאַפּ. פּיאָטר האָט, ציטערנדיק פון כעס, אַריבערגעוואָרפן אַ פוס איבער דער באַנק און געוואָלט צושפּרינגען צו אים. ער האָט אָבער גלייך צוריקגעבויגן דעם פוס און זיך אָנידערגעזעצט, באַמערקנדיק דעם צוקומענדיקן אונטעראָפיציר.

דער אונטעראָפיציר איז געבליבן שטיין הינטער פּיאָטרס רוקן.

— וואָס איז דאָ געשען? — האָט ער געשמייכלט צו די מיידלעך.

איצט האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן פון וועלכן קוואַל דער ליאַלקעוואַטער בחור האָט געשעפּט זיין מוט. ער האָט געקאָנט אביסל ריידן דייטש. מיט א שטאַרק צעבראָכענער צונג און אן אונטערטעניקן שמייכל, שטאַמלענדיק און פאַרהיקענדיק זיך יעדע ווייל, האָט ער דעם אונטעראָפיציר דערציילט ווי אזוי זיי האָבן דאָ געפונען צוויי פארשטעקטע יידישע מיידלעך און זיי ארויסגע־וואָרפן.

— און דערפאַר ווייל מיר האָבן אַרויסגעוואָרפן די יידינס — האָט ער כמעט מיט א וויינענדיק קול אויסגערופן, אָנווייזנדיק מיט אַ האַנט אויף פּיאָטרן — וויל דער אָ דאָ, אונדז שלאָגן!

דאָס שלאַנקע מיידל מיט די געלאָקטע האָר האָט נישט פאר־שטאַנען קיין איין וואָרט. אָבער די גאַנצע צייט, וואָס דער בחור האָט זיך געמאַטערט מיטן דערציילן, האָט זי אויף קיין איין רגע נישט אַראָפּגענומען פונעם אונטעראָפיציר אירע צעגלאָצטע אויגן און כסדר מיט א חניפהדיק - צעשמייכלט פנים געשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער אונטעראָפיציר האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אויף פּיאָט־רן און אַ ווײַל באַטראַכט זײַנע ברייטע, פעסטע פּלייצעס. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זײַן אַקסל.

— וואָס, דיר געפעלט נישט דאָס אַרויסוואַרפן די יידן פון דאַנען, האַ? — האָט ער שטיל מיט זײַן הייזעריק קול געפרעגט, אויסדרייענדיק אים מיטן פנים צו זיך.

פּיאָטר האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט צו אים. ער האָט רואיק און דרייסט געקוקט אויף די רויטע אָדערלעך אינעם דײַטשס אויסגעגלאָצטע אויגן־ווײַסלעך און מיט קיין איין שטריך אויף זײַן פנים נישט געוויזן, אַז ער שרעקט זיך פאַר אים.

אינעם דײַטש האָט דאָס בלוט אָנגעהויבן צו זידן פון פּיאָטרס דרייסטן, אומדערשראָקענעם בליק.

— דיר געפעלט דאָס נישט, האַ? — האָט ער מיט פאַר־קריצטע ציין, ווי אַ לױערנדיקע חיה, צוגעבויגן נענטער דעם קאָפּ צו אים.

און אין דער זעלבער רגע האָט זײַן האַנט, ווי אַן אַרויסגעשליי־דערטער שטיין, אַ פלי געטון אין דער לופטן, און ס׳האָט אַ קלונג געטון אַ הילכיקער פּאַטש.

פּיאָטר איז מיט אַ רויט־פאַרלאָפענער באַק אויפגעשפּרונ־גען פון אָרט. זײַן ברוסט איז פון אָנגעשטרענגטן אָטעם האַסטיק געלאָפן אַרויף און אַראָפּ. זײַנע געבײַלטע פויסטן האָבן זיך גע־טרייסלט פון צאָרן. ער האָט פעסט צוגעדריקט די פויסטן צום קערפּער און געפּרוווט מיט אַלע כוחות זיך באַהערשן.

דער דײַטש האָט געוואָרפן אַ קורצן בליק אויף זײַנע געבײַל־טע פויסטן און צוקנדיקע קינבאַקן. פאַרמרוזשענדיק די אויסגע־גלאָצטע אויגן, האָט ער אַרויפגעלייגט די הענט אויף די היפטן און, אויסציִענדיק זיך אין זײַן גאַנצער הויך, גאַליק געשמייכלט.

אין זאַל האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. מענטשן האָבן מיט שרעק און פאַרהאַלטענעם אָטעם געקוקט אויף די צוויי, וועל־כע זײַנען געשטאַנען איינער קעגנאיבער דעם אַנדערן און געקוקט אויף זיך מיט אויגן פול שרעקלעכער פײַנטשאַפט.

— יעזוס מאַריאַ! — האָט אַ יונגע פרויערטע מיט שרעק אויס־געשריִען און זיך איבערגעצלמט: ער וועט דאָך אים דערהרגענען!

פּיאָטר האָט געציטערט איבערן גאַנצן לײַב. ער האָט געפילט, אַז אויב ער וועט אַזוי שטיין נאָך אַ ווײַל, וועט ער נישט אויס־האַלטן און מיט די הענט פאַרפאָרן דעם דײַטש אין חזירשן פּרצוף

אַריין. פאַרדריקנדיק די פויסטן ביז בלוט, איז ער אַריבערגעשפרו־נגען איבער דער באַנק און געגאַנגען צו דער טיר.

ארויסלאָזנדיק פון קעל אַ היהשן כאָרכל, האָט ער, דער דייטש, גע־לאָזט זיינע לאַנגע פיס אין באַוועגונג און, דעריאָגנדיק פּיאָטרן אין דער נעעפנטער טיר, אַ שטרעק אויס געטון אַ פוס און מיט רציחה אים אַ קאָפּע געטון פון הינטן. פּיאָטר איז ווי אַ באַלעם ארויסגעפלויגן און מיטן פנים אַ פּליאַסק געטון אין שניי אַריין.

ער האָט זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן, דערשפירנדיק אַ שטאַר־קן ווייטיק אין רעכטן פוס.

דער דייטש איז געשטאַנען אין דער טיר און זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. נאָר פּלוצעם האָט ער זיך אויסגעדרייט און צוריק אַריין אין וואָקזאַל.

פון אינעווייניק האָט זיך געהערט אַ שטאַרק גערויש. פּיאָטר איז פאַמעלעך, הינקענדיק אויף אַ פוס, אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט גאַס. ער איז געבליבן שטיין, דערהערנדיק פון אי־נעווייניק פון וואָקזאַל דאָס ווילדע קול פונעם אונטעראָפיציר. דאָס קול האָט זיך ווי דערנענטערט. עס איז געוואָרן וואָס אַמאָל העכער און וואָס אַמאָל מער רציחהדיקער. די טיר פון וואָקזאַל האָט זיך פּלוצעם מיט רעש געגעבן  אַ פּראַל אויף. דעם אונטעראָפיצירס הייזעריקער געוואַלד האָט פון רציחה פאַרלוירן די מינדסטע ענ־לעכקייט צו אַ מענטשלעך קול. אויף איין אויגנבליק האָט זיך אין דער טיר באַוויזן אַן אַלטע, איינגעהויקערטע פרוי, וועלכע האָט באַלד ווי אַ פייל אַ פלי געטון איבער שניי אַריין. באַלד נאָך איר איז מיט דער זעלבער שנעלקייט אַרויסגעפלויגן אַ יונג מיידל.

דער אונטעראָפיציר איז געשטאַנען אין דער טיר און גראָב, הייזעריק עפּעס געשריגן.

דאָס מיידל איז שנעל אויפגעשטאַנען און צוגעשפרונגען צו דער אַלטער פרוי. די אַלטיטשקע איז געלעגן אומבאַוועגלעך אינעם שניי און שטיל געקרעכצט.

— באַבעשי... באַבעשי... — האָט דאָס מיידל געוויינט און זי געפּרוווט אויפצוהויבן. זי האָט זיך הילפלאָז אַרומגעקוקט און דערזען פּיאָטרן.

— העלפט מיר צו אויפהייבן מיין באַבעשי! — האָט זי ווייּ־נענדיק געבעטן פונדערווייטנס.

פּיאָטר האָט דערקענט די אַלטע מיט דעם מיידל, לעבן וועל־

כע ער האָט ביי זיין אַריינקומען אין וואָקזאַל זיך געמיאוסט אָני־
דערצוזעצן.

ער איז א ווייל געשטאנען א וואקלדיקער און אן אומאנט־
שלאָסענער, קוקנדיק אויף זיי און אויף דעם בילנדיקן דייטש אין
דער וואָקזאלטיר. און פּלוצעם האָט זיך אויף זיין פּנים באוויזן א
צולהכעיסדיקער שמייכל. מיט פאַרמרוזשעטע אויגן און עקשנות־
דיק - פאַרביסענע ליפּן איז ער צוגעגאַנגען צו דער אַלטער פרוי.
ער האָט זיך אראָפּגעבויגן, א קוק געטון צו דער וואָקזאלטיר און...
איז געבליבן שטיין איינגעהויקערטערהייט מיט די אויגן געוואָנדן
אויף דער פּוסטער, פאַרמאַכטער טיר. דער צולהכעיסדיקער שמייכל
איז פארשוואונדן פון זיין פּנים. ער האָט א קוק געטון אויף דער
אלטיטשקער, וועלכע איז ווי אָן באוווסטזיין געלעגן אומבאוועג־
לעך און, דערזעענדיק אויך אויף איר האנט דעם אָרעמבאנד, האָט
ער צוריק זיך אויסגעגלייכט. אויסדרייענדיק זיך אוועקצוגיין, האָט
ער באמערקט דעם מיידלס דערשראָקענע און צוגלייך בעטנדיקע
אויגן און איז ווידער געבליבן שטיין. ער האָט דערהערט א שוואכן
קרעכץ פון דער אַלטער און נאָכאַמאָל אַ קוק געטון אויף איר. זי
האָט קוים, קוים, ווי א קראנק, שוואך און אומבאהאָלפן קינד א
ריר געגעבן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך פּאמעלעך אראָפּגעבויגן, מיט
ביידע הענט אָנגענומען די אלטע פרוי און פאָרזיכטיק זי אויפ־
געהויבן פון דער ערד.

# דאָס חרובע הויז

באַלד אין דער פרי, ווי נאָר ס'האָט זיך פאַרשפרייט די ידיעה, אַז אַלע יידן מוזן אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט אַריבערציִען זיך אין דעם אָפגעזונדערטן און אָפגעגרענעצטן וווינקוואַרטאַל, איז דאָס גאַנצע הויז געוואָרן פול מיט איבערגעשראָקענעם טומל. מע האָט שוין נישט אויפגעראָמט די צימערן, מע האָט פאַרגעסן אין די הונגעריקע און וויינענדיקע קינדער און צעטראָגענערהייט געלאָפן איינער צום אַנדערן נאָך פרישע ידיעות, נאָך עצות. ביים באַגעגענען, דורכלויפנדיק דורכן הויף, עמעצן פון די געציילטע פוילישע שכנים, האָט מען מיט אַ געפאַלן געמיט אים באַגריסט און, נישט אָפשטעלנדיק זיך, שנעל פאַרבייגעגאַנגען, שפירנדיק די וואַנט פון פרעמדקייט, וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן זיי. פאַרנאַכט־צו, איז געוואָרן אַביסל רואיקער — מען איז געווויר געוואָרן, אַז עס איז דערלויבט צו בייטן זיך מיט די וווינונגען מיט פאָליאַקן, וואָס וווינען אין דעם אַנטשטייענדיקן געטאָ.

אויפצומאָרגנס באַגינען, ווי נאָר ס'איז פאַרביי די פאָליציי־שעה, זיינען כמעט אַלע דערוואַקסענע אַוועקגעלאָפן אין די יידישע גאַסן. זיי האָבן שפעטער, צוריקקומענדיק, געבראַכט מיט זיך צו פירן פוילישע איינוווינער פון סמאָטשע, פון נאָוואָליפיע... זיי האָבן זיי געוואָלט אַריינפירן צו זיך אין די וווינונגען. אָבער די פאָליאַקן האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן הויף. זיי האָבן דערשטוינטע געקוקט אויף די צעשפאָלטענע, אָט, אָט איינפאַלנדיקע ווענט, אויף די פענצטער האַלב־פאַרקלאַפטע מיט ברעטער, און אָפגעקילטע, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו, צוריק אַרויסגערוקט זיך פון הויף. דער אומרואיקער, דערשראָקענער טומל און פחד פאַר דעם אומזיכערן מאָרגן האָט שוין דערנאָך אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט.

נאָר דאָס אַלטע פאָרפאָלק, זיידמאַן, פון דעם קליינעם האַרשטיבעלע אויפן דריטן שטאָק איז געבליבן רואיק. זיי האָבן אַפילו

אין דער ערשטער מינוט, געווויר ווערנדיק, נישט פאַרשטאַנען וואָס מען מיינט דאָס אַזוינס מיט דעם „ווינקוואַרטאַל“, און דער־נאָך, ווען זיי האָבן ענדלעך פאַרשטאַנען, האָבן זיי א ווייל מיט פאַרוואונדערטער שרעק אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן. אָבער דער אַלטער זיידמאַן האָט באַלד געפונען א טרייסט פאַר זיין ווייב.

— ע, אונחנו וועלן זיי לאָזן צורו — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — ווי מיינסטו, גיטעלע?

— איך מיין אויך אזוי — האָט זיין ווייב א שמייכל געטון מיט דעם איינגעשרומפּענעם, אָנציינערדיקן מויל.

דער אַלטער זיידמאַן איז געווען כלומרשט רואיק. אָבער ער האָט נישט געקאָנט איינזיצן אין שטוב. א גאַנצן טאָג איז ער אָדער געשטאַנען אונטן אין טויער, אָדער ארומגעקראָכן צו שכנים. מיט צונויפגעצויגענע ברעמען, מיט א האַלב־אָפן מויל און אָנגע־שטרענגטע טויבלעכע אויערן האָט ער, קוקנדיק יעדן ריידנדיקן מענטש אין פּנים אריין, אויפגעכאַפּט ידיעות און פאַרטראַכטער־הייט געשוויגן.

פאַרנאַכט־צו, נאָכן פאַרמאַכן דעם טויער, ווען ס'איז נישט געווען קיין מורא, אז צעווילדעוועטע דייטשן קאָנען אומגעריכט אריינפאַלן, האָבן יידן זיך געזאַמלט אין א ווינקל פון הויף, שטיל מיט געדעמפּטע שטימען דערציילט זיך נייעס פון טאָג און אין זייער גרויסער פאַרצווייפלונג אָנגענומען יעדע אומוואַרשיינלעכ־סטע ידיעה אלס א גילטיקע מטבעה, באַקומענדיק כאָטש אויף א ווייל אביסל מוט.

דער אַלטער זיידמאַן איז געגאַנגען פון איין רעדל יידן צום אנדערן, געשטופּט זיך מיט זיין גרויער באָרד אין דער מיט אריין און צום הונדערסטן מאָל געוואָלט זיך דערוויסן, צי אַלע יידן וועלן מוזן טאַקע אַרויס פונעם הויז, צי ער אויך. און אין אַ צייט אַרום, נאָכדעם ווי דער ערשטער ייד פונעם הויז איז אַוועקגעגאַנגען אין געטאָ אריין און באַלד דערנאָך נאָך עטלעכע יידן, האָט ער אויפ־געהערט צו שלאָפן ביינאַכט. ער איז גאַנצע נעכט געלעגן מיט אָפענע, וואַכעדיקע אויגן און מיט וואַקסנדיקער שרעק צוגעהערט זיך צו דער טויטער שטילקייט אַרום און צו זיין שטאַרק קלאַפּנ־דיק האַרץ. בייטאָג איז ער ארומגעגאַנגען א צעטומלטער מיט א גערויש אין קאָפּ און מיט יעדן אָפּפליסנדיקן טאָג געוואָרן וואָס אַמאָל מער אומרואיקער. די לעצטע וואָך, ווען אין גאַס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּטער צו באַווייזן וואַנדערנדיקע יידן, האָט ער שעהן

לאַנג געקאָנט שטיין ביים פענצטער און מיט אומעטיקע אויגן באַגלייטן די שווער באַלאָדענע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשלעפּט צום געטאָ. יעדער פאַרבייגייענדיקער ייד האָט אַרויסגעריסן אַ זיפץ פון זיין ברוסט צוזאמען מיט אַ שטיק פון דער טליענדיקער האָפענונג אין זיין האַרץ, אַז די גזרה וועט נאָך אפשר בטל ווערן...

גיטעלע, זיין ווייב, האָט אויך נישט געקאָנט קיין אָרט זיך געפינען. גאַנצע טעג האָט זי, אַ שווייגנדיקע, געשלעפּט זיך אויף אירע אַלטע פיס פון איין אָרט צום אַנדערן. אירע אָנגברעמענדיקע פאַרטרערטע אויגן האָבן מיט יאוש געקוקט אויף די שטוב־זאכן, אויף די ווענט. אומצאָליקע מאָל אין טאָג האָט זי געקאָנט בלייבן שטיין נעבן די אַלטע בעטן, געבן דעם האַלב־צעבראָכענעם שענקל. איר ציטערדיקע האַנט האָט דעמלט צערטלעך און מיט ליבשאַפט געגלעט דאָס אַלטע האַלץ וואָס איז געווען פון ווערעם צעפרעסן, אָבער טיף אין האַרצן איינגעבאַקן, און באַהאַלטענער־הייט, איר מאַן זאָל נישט באַמערקן, געהאַלטן אין איין אונטער־כליפען. טיילמאָל איז זי פלוצעם געבליבן שטיין פאַר איר מאַן מיט אַ דערשראָקן־פרעגנדיק פנים.

— מענדל — האָט זי מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם געפּלים־טערט, אַרויספקוקנדיק צו אים מיט פאַרצווייפלטע אויגן — וואָס וועט זיין?... ווּהין וועלן מיר גיין?... צו וועמען?...

אָבער מענדל האָט נישט געוווסט וואָס איר צו ענטפערן. ער האָט צעטראָגענערהייט, ווי אַ פאַרשולדיקטער, מיט אַ טרויעריק־פאַרלוירענעם שמייכל אויפן פנים אומבאַהאָלפן צעשפּרייט די הענט און נאָך אומעטיקער אָנגעהויבן אַרויסצוקוקן דורכן פענצ־טער.

ס'איז געווען אין מיטן האַרבסט. טריבע, פאַרזואָלקנטע הימ־לען האָבן גאַנצע מעת־לעתן געהאַלטן אין איין וויינען. פינצטע־רע שלאָפלאָזע נעכט האָבן זיך געצויגן אומענדלעך לאַנג. די טעג זיינען אָבער גיך געלאָפן. ס'איז נאָך אינגאַנצן געבליבן צייט דריי טעג. דריי קורצע, שנעל־לויפנדיקע טעג.

דעם זעלבן טאָג זיינען כמעט אַלע יידן פונעם הויז אַוועקגע־גאַנגען אין געטאָ אַריין צו זייערע קרובים. דאָס אַלטע פאַרפאַלק איז געשטאַנען אויפן הויף אין אַ זייט עלנטע, פאַראייגזאַמטע צווישן דעם גערודער פון די יידן, וועלכע האָבן זיך געפּאַקט אין געגרייט אין וועג אַריין, און שטום, אָן ווערטער, שאָקלענדיק מיט די קעפּ, געזעגנט די אַוועקגייענדיקע שכנים. נאָך זייער אַוועקגיין

איז אויפן הויף געוואָרן שטיל, שטיל ווי אין אַ קבר. די אַלטע לייט זיינען געשטאַנען אין דער הויף - פּוסטקייט און פאַמעלעך אַרומ-געקוקט זיך. פון די אָפּענע שווייגנדיקע פענצטער האָט געוועיעט מיט אומעט און יאוש. א ווייסער האלב - אָפּגעריסענער פאָרהאַנג האָט, אַרויספליענדיק פון אַ פענצטער אין דער הייך, געפלאַ-טערט אויפן ווינט, א צעפליקטער, ווי א צעריסן לעבן, מאַכטלאָז געבליבן הענגען פון אויסגווייניק אויף דעם מויער און אויפסניי אָנגעהויבן צו פלאַטערן.

מיטאַמאָל איז צו גיטעלעס אויערן דערגאַנגען די טויטע שטילקייט אויפן הויף. זי האָט א ציטער געטון, ווי פון קעלט.

— מענדל... מענדל... — האָט זי אים מיט צעטרייסלטע הענט געשלעפּט פון הויף — קום, קום!

פארנאכט האָט גיטעלע אָנגעהויבן זיך צו באקלאָגן אויף דער-שרעק, וואָס איז איר באפאלן. אויסער זיי, האָט זי מיט א שוואך, ציטערדיק קול געשעפּטשעט, איז אין הויז נאָר געבליבן איין ייד, וועלכער וועט מאָרגן אויך אוודאי ארויס. איר דאכט זיך, האָט זי זיך ווייטער באקלאָגט, אז פון אומעטום, פון יעדן ווינקל, לויערט אויף זיי עפּעס אַ שרעקלעך, אימהדיק געשפּענסט.

— מענדל! — האָט זי פון שרעק אויפגעהויבן העכער איר קול — מיר טאָרן דאָך דאָ נישט בלייבן! מיר קאָנען נאָך, חלילה, ברענגען אויף זיך אן אומגליק!

— וואָס זאָל איך טון?! — האָט ער שטיל געענטפערט, קוקנ-דיק מיט פארלאָשענע אויגן שטאר פאר זיך — מיר האָבן דאָך דאָרטן נישט קיינעם... כ'וועל מאָרגן אהינגיין. אפשר וועל איך גע-פינען עפּעס אַן אָרט.

זיי זיינען דערנאָך אינדערפינצטער געלעגן אין די בעטן שווייגנדיקע, מיט אָפענע, וואַכעדיקע אויגן. גיטעלע האָט לאַנג זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער אַנדערער און שטיל געקרעכצט. זי איז צום סוף פון מידקייט און אָפּגעשוואַכטקייט איינגעשלאָפן.

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען מענדל האָט אָנגעהויבן צו דרימלען. דער שטאַרק בלאָזנדיקער ווינט אינדרויסן האָט מיט זיין אומאויפהערלעכן, רעגלמעסיקן געוואָי געווירקט אויף זיין האלב - דרימלענדיקן מוח, אז ער זאָל כסדר איבערחזרן גיטעלעס לעצטע ווערטער: „מיר קאָנען נאָך, חלילה, ברענגען אויף זיך אן אומגליק!“. — — —

אין טויט-אַנגסטן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, מיט

מטושטשע אויגן האָט ער נעקוקט. אין דער געדיכטער פינצער־ניש און נישט געוווּסט ווו ער געפינט זיך. מיטאַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט אינעם חלום און מיט שרעק האַסטיק זיך אויפגעזעצט אויפן בעט. מיט א שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ האָט ער זיך ארומ־געקוקט, ווי ער וואָלט זיך געריכט צו דערזען דאָ די דייטשן, וואָס האָבן אים מיט א ווייל פריער געשלאָגן און געשלעפּט ביי דער באָרד איבערן צימער. אין זיינע אויערן האָט נאָך געקלונגען דאָס יאָמערדיקע געשריי פון זיין ווייב. ער האָט דערהערט גיטעלעס שטילן אָטעם און, באַרואיקנדיק זיך אַביסל, צוריק זיך אַנידער־געלייגט, אָבער ער האָט שוין נישט געקאָנט אנטשלאָפן ווערן. ער איז געלעגן מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן און מיט שרעק אין האַרצן צוגעהערט זיך צו דעם אימהדיקן וואָיען פון ווינט. ווי נאָר ס'וועט ליכטיק ווערן, האָט ער אין געדאַנק באַשלאָסן, וועלן זיי איינפּאַקן די זאכן און גיין אין געטאָ אריין.

— אָבער ווהין וועלן מיר גיין?... צו וועמען?... מיר וועלן דאָך צומאָל נישט האָבן ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן! — האָט אויפסנייי די שרעק אין זיין האַרצן אָנגעהויבן צו פּלאַטערן.

די פינצטערניש אין שטוב האָט אָנגעהויבן בלייכער צו ווערן. פון ערגעצוווּ איז דערגאַנגען א שוואַכער, האַלב־אומדייטלעכער קלאַנג. מענדל איז אראָפּ פון בעט און צוגעלאָפן צום פענצטער־אונטן. אין גאַס איז נאָך געווען פינצטער, רואיק און שטיל. מענדל האָט שטילערהייט, כדי נישט אויפצוּוועקן זיין ווייב, אָנגעהויבן זיך אָנצוטאָן. „זאָל זי נאָך אַביסל שלאָפן, האָט ער אָנטוענדיק זיך געטראַכט, ס'לעצטע מאָל אין איר אייגן בעט!...“

ס'איז געוואָרן וואָס אמאָל ליכטיקער.

מענדל איז צוגעגאַנגען צו זיין ווייבס בעט.

— גיטעלע, גיטעלע, — האָט ער, ציטערנדיק לייכט דאָס בעט־געוואַנט זי געוועקט — שטיי אויף. מיר וועלן זיך נעמען איינ־פּאַקן די זאכן.

גיטעלע האָט מיט האַלב־פאַרשלאָפענע, צעטומלטע אויגן, אים אָנגעקוקט. ער האָט נאָך אַמאָל געמוזט איבערחזרן די ווער־טער. זי האָט מיטאַמאָל דערשפּירט א קלעמען ביים האַרץ.

— מוזן מיר טאַקע ארויס פון דאַנען, מענדל? — האָט זי שטיל מיט אַ שוואַך קול, ווי אַ קראַנק, ליידנדיק קינד, געשעפּ־טשעט — ווהין וועלן מיר גיין מענדל, צו וועמען?

— ס'איז פאַרפאַלן, גיטעלע — האָט ער קוקנדיק אין א זייט

נעענטפערט — דער גורל איז שוין אזעלכער... מיר זיינען נישט די איינציקע...

ער איז צוגעגאנגען צום שענקל און אָנגעהויבן אלץ ארויס־צולייגן. גיטעלע איז אראָפּגעקראָכן פון בעטל און אָנגעטאָן זיך. זי איז פון געוווינהייט, ווי יעדן פרימאָרגן די לעצטע טעג, צוגע־גאנגען צום פענצטער און ארויסגעקוקט.

ס'האָט געשפּרייט א דינער, דראָבנער רעגן. א קאלטער ווינט האָט אריינגעבלאָזן דורך די פענצטער־שפּארעס, אָניאָגנדיק א קעלט אין שטוב, און ערגעצווו נישט ווייט געקלאַפּט מיט א האלב־אָפּגעריסן שטיק בלעך פון א דאך, פארשפּרייטנדיק מיט זיין איינ־טאָניקן קלאנג א טרויעריקן, הארבסטיקן אומעט.

ס'איז נאָך געווען פרי, אָבער אין גאס איז שוין געווען א באוועגונג. איבער דער נאַנצער ברייט פון דער גאס זיינען געגאַנ־גען יידן מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, מיט קינדער אויף די הענט. טייל יידן האָבן געשטופּט קליינע פול אָנגעלאָדענע האנט־וועגעלעך. זיי זיינען געגאנגען מיט שנעלע, איילנדיקע טריט, ווי זיי וואָלטן וואָס גיכער געוואָלט אנטלויפן פון דער בייזער, ווילדער און מיט שנאה פארסמטער וועלט.

— מענדל! — האָט גיטעלע מיט שרעק אויסגערופן, צודריקנ־דיק דאָס פּנים צו דעם שטיקל שויב אין פענצטער. — באָרגשטיין גייט שוין אויך אַוועק!

מיט פאַרבראָכענע הענט איז זי צוגעלאָפן צו אים.

— מענדל... מענדל... — האָט זי מיט א פארהאקטן אָטעם געערדט, קוקנדיק אויף אים מיט אירע אָן - ברעמענדיקע, קיילעכ־דיקע אויגן, אין וועלכע ס'איז געלעגן גרענעצלאָזער פּחד — מיר זיינען געבליבן אליין!... לאָמיר שנעל אנטלויפן פונדאנגען!

זי האָט אייליק אים אָנגעהויבן צוהעלפן פּאקן. אָבער אלץ איז איר געפאלן פון די הענט. זי האָט איינגאנצן געציטערט פון שרעק און נישט געוווסט, וואָס מיט איר טוט זיך. פּלוצעם האָט זי אַ כאַפּ געטאָן אַ צונויפגעפּאַקט פּעקל און אָנגעהויבן אַלץ אַרויס־צוווארפן.

— גיטעלע, באַרואיק זיך! — האָט מענדל מיט אַ לייכטן פאַר־וורף אין קול געזאָגט — נישט דו העלפסט מיר, נאָר דו שטערסט מיר נאָך.

זי האָט זיך באַרואיקט. אָבער אין אַ ווייל אַרום האָט זי אים אויפסניי אָנגעהויבן צו שטערן. אלצדינג האָט זי געוואָלט מיט־

נעמען. זי האָט נישט געקאָנט אונטערשיידן צווישן נויטיקע און אומניצלעכע זאכן. אַלץ איז איר געווען אין דער זעלבער מאָס ליב און טייער. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט דערשראָקענע און פאַרחידושטע אויגן און נישט געקאָנט באגרייפן ווי אזוי מען קאָן אוועקגיין און איבערלאָזן זאכן, וועלכע זיינען כמעט צונויפגעוואקסן מיטן מענטש. און ווען ער האָט צום סוף די אומנויטיקע זאכן איר ארויסגענומען פון די הענט, איז זי אן אָפּהענטיקע און דערשלאָגענע געבליבן זיצן אויף א צונויפגעפּאקט פעקל בעטגעוואַנט און האָט ווי א קליין קינד אָנגעהויבן צו כליפּען.

זיי זיינען פארטיק געוואָרן ערשט ארום מיטאָג - צייט. גיטעלע האָט גיך, איילנדיק זיך, אָנגעטאָן דעם מאנטל:

— קום, מענדל, לאָמיר שוין...

זי איז געבליבן שטיין מיט אן ארויסגעצויגענעם ארבל אויף איין האנט.

— וואָס איז געשען?

מענדל האָט אן איינגעהויקערטער און פארטראכטער נישט געריירט זיך פון אָרט. זיין בליק האָט מיט דערשראָקענער פארוואונדערונג זיך געגליטשט איבער די צונויפגעפּאקטע פעקלעך. ער האָט אַ קוק געטון אויף איר און צוריק אויף די פעקלעך.

— ווי אַזוי וועלן מיר דאָס אַלץ נעמען? — האָט ער אין דערשראָקענער פארלעגנהייט שטיל געשעפּטשעט.

ער האָט געפּרוווט אויפצוהייבן א פעקל.

— ניין, גיטעלע — האָט ער אַנטשלאָסן געשאָקלט מיטן קאָפּ — מיר וועלן מוזן נאָך אַמאָל איבערפּאַקן. העלפט זאכן וועלן מיר מוזן איבערלאָזן.

— מיר לאָזן דאָך שוין גענוג איבער! מיר וועלן דאָך בלייבן אָן א העמד! — האָט זי מיט שרעק אויסגערופן.

ער איז א וויילע געשטאנען פארטראכטערהייט.

— באלד... — האָט ער, ווי דערמאָנענדיק זיך אין עפּעס, פארקניימשט דעם שטערן — כ'האָב דאָך געוואָלט דאָרט אהינגיין... ווי שפּעט איז?... האלב צוועלף? נו, איז נאָך צייט.

ער האָט גענומען דעם שטעקן.

— כ'וועל דאָרט אויסזוכן אן אָרט מיר זאָלן האָבן וווּ דעם ערשטן טריט אַריינצושטעלן, און פאַריינגוועגס וועל איך מיר שאַפן אַ האַנט-וועגעלע.

— יאָ, יאָ, מענדל, גיי, גיי — האָט זי כמעט מיט פרייד אָנ-

געכאַפּט זיך פאַר דעם געדאַנק.

זי האָט זיך אָבער דערשראָקן פאַר די פּאָר שעה איינזאַמקייט, וואָס איר שטייט דאָ פאָר.

— נאַר, מענדל. זאָם זיך נישט לאַנג! — האָט זי אים געבעטן אַרויסבאַגלייטנדיק פון שטוב. כ'האָב אַזוי מורא דאָ צו בלייבן אַליין!

— כ'וועל זיך צואיילן. כ'וועל באַלד צוריקקומען — האָט ער פאַר די טרעפּ אַרויסגעענטפערט.

מענדל איז געגאַנגען אַראָפּ איבער די טרעפּ מיט מונטערע טריט. ער האָט צוריק באַקומען מוט. זיין לאַגע האָט שוין איצט אין זיינע אויגן נישט אויסגעזען אַזוי אויסזיכטלאָז. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז ער וועט דאָרט שנעל באַקומען אַן אָרט און באַלד צוריקקומען מיט אַ האַנט־וועגעלע. „כהאָב שוין לאַנג דאָס באַדאַרפט צו טון!", האָט ער זיך אַליין געמאַכט אַ פאָרוואורף. אין גאַס איז אים צוריק געוואָרן שווער אויפן האַרצן. ס'האָט שוין נישט גערעגנט, אָבער פון אומעטום האָט געוויייעט מיט אַזאַ פוסטקייט. אַלע געוועלבער זיינען געווען פאַרמאַכט. מען האָט כמעט נישט געזען קיין מענטשן. אַ טראַמוויי האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער איז שנעל צוגעלאָפן. אָבער דער קאָנדוקטאָר האָט אים נישט אַריינגעלאָזט.

— פאַר יידן איז פאַרבאָטן. — האָט ער געזאָגט און פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג.

ער איז געוואָרן נאָך מער טרויעריק. „כ'וועל אַזוי שנעל נישט קאָנען צוריקקומען, האָט ער אַ טראַכט געטון, נו, איז פאַרפאַלן, כ'וועל זיך צואיילן". ער האָט אָנגעהויבן גיך צו גיין. ער איז אָבער שנעל מיד געוואָרן און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף די טרעפּלעך פון אַ פאַרמאַכט געוועלבל, אָפּרוען זיך אַביסל. ער האָט זיך געווישט דעם שוויים פון שטערן און מיט שרעק אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן. „מען זעט דאָך כמעט נישט קיין יידן!... צי זיינען שוין אַלע דאָרט?" די אימה, אַז ער קאָן דאָ בלייבן אַליין, אָן איין ייד, האָט אים אויפגעהויבן פון אָרט. מיט פרישע כוחות האָט ער אָנגעהויבן שנעל צו גיין. ער האָט גיך, אָפּגעהאַקט געאָטעמט און, פאַרנומען מיט זיינע טרויעריקע געדאַנקען, נישט געזען, וואָס אַרום אים טוט זיך.

— דו, יודע! — האָט ער פלוצעם דערהערט אַ געוואַלד.

ער האָט א קוק געטון און א פארצימערטער אראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פון קאָפּ. עטלעכע דייטשן האָבן מיט הייזעריקע, גאָרגלדיקע געוואלדן עפּעס אין אים ארייננגעשריגן. ער איז גע-שטאַנען מיט אן אנטבלויזטן, אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און האָט פון שרעק נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט. איין דייטש, אַ יונגער, מיט א היטל וווילעריש פאררוקט אויפן רעכטן אויער האָט אים אָנגעכאַפּט פאר דער באָרד און צוגעצויגן צו זיך. מיט דער צווייטער האנט, א צונויפגעלייגטע אין א פויסט, האָט ער אים געדראָט פאר דער נאָז:

— אויב דאָס וועט נאָך אמאָל פּאסירן און דו, אלטער הונט, וועסט נישט באגריסן קיין דייטשן, וועל איך דיר...

מיט האַסטיקער באַוועגונג האָט ער אים אָפּגעשטויסן פון זיך. די דייטשן האָבן זיך הילכיק צעלאכט און אוועקגעגאנגען. מענדל האָט זיך שווער אויפגעהויבן פון דער ערד. אן עלטערע, אָרעמע פרוי מיט אַ דאָרפישער פאַטשיילע אויף די אַקסלען האָט אויפגעהויבן זיין היטל און עס אים ארייננגעשטעקט אין דער האַנט אריין. ער האָט זי אַ צעטומלטער אָנגעקוקט און נישט פאַר-שטאַנען, וואָס זי רעדט צו אים. גייענדיק ווייטער, האָט ער שוין גוט אכטונג געגעבן. ווי נאָר ער האָט פונדערווייטנס דערזען א דייטש, איז ער שנעל אריין אין טויער איבערוואַרטן, ביז דער דייטש וועט פאַרבייגיין.

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג, ווען ער איז צוגעקו-מען צו די יידישע גאסן. ער איז פון דער אייזן-גאס אריין אין דער נאַוואָליפּיע און איז באַלד אין עק געבליבן שטיין, ווי אַ גע-פּלעפטער. ס'הארץ האָט אים אָנגעהויבן שטארק צו קלאַפּן. ער האָט גלייך פארשטאַנען, אז דער וועג איז געווען אן אומזיסטער. די גאַנצע גאַס איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט פּעק און מענטשן. פון אומעטום האָט זיך געטראָגן א געוויין פון קליינע קינדער. די מענטשן זיינען, ווייזט אויס, שוין דאָ געווען פון נעכטן אָן. פאַר-מאַטערטע, האלב-פארפרוירענע פון דער ביינאַכטיקער קעלט, מיט בלוי-שווארצע פּנימער זיינען זיי געלעגן אויף דער ערד און האָבן שטום מיט גרענעצלאָזן יאוש געקוקט שטאר פאר זיך. אינגאַנצן אַ דערשלאָגענער איז ער געגאַנגען ווייטער, דורכשטופּנ-דיק זיך דורך דער ענגשאַפט אין גאַס. אויף דער סמאָטשע האָט ער געוואָלט אריינגיין צו אַ באַקאַנטן. ער איז אָבער א צעטומל-

מער מיט ברייט - צעעפנטע אויגן געבליבן שטיין אויף דער שוועל. א צענדליק מענטשן מיט קליינע קינדער זיינען געלעגן אויפן דיל צווישן אָן א שיעור פעקלעך. אין שטוב איז געווען אן אומדערטרעגלעכער רעש. מענדל האָט זיך שנעל צוריק־געצויגן פון דער שוועל, נאָך איידער ס'האָט אים ווער אין שטיבל דערזען. ער איז לאַנג אַרומגעלאָפן. ער איז געווען ביי די ווייטסטע, שוין האלב - פאר־עסענע באקאנטע. אָבער אומעטום האָט ער אָנגע-טראָפן דאָס זעלבע בילד. ווו ער האָט נאָר געפרווט א רייד טון וועגן אן אָרט פאר זיך, האָט מען אים מיט א פארשולדיקטן שמייכל און צעשפרייטע הענט אָנגעוויזן די פולע שטיבן מיט מענטשן.

דערווייל איז געוואָרן שפעט. ער איז ארויס־געקומען פון שטוב און האָט מיטאמאָל דערזען, אז ס'איז שוין פינצטער. ער האָט זיך דערשראָקן, דערמאָנענדיק זיך, אז גיטעלע איז אליין אינדערהיים, און אָנגעהויבן צוריק צו גיין. פון מידקייט און דער-שלאָגנקייט האָט ער זיך געשלעפט פאמעלעך פאָרויס. „היינט וועלן מיר שוין נישט קאָנען אהערקומען, האָט ער מיט אן אי-נערלעכער פארגליווערקייט געטראַכט, מיר וועלן מוזן פארטאָג אַרויסגיין פון שטוב. אָבער וווהין?... וווהין וועלן מיר גיין?...“ ער האָט זיך פון שרעק פארהאלטן אויף א ווייל און מיט פאר-צווייפלטע אויגן ארומגעקוקט זיך איבער דער גאס.

איצט, אין שאָטן פון דער צופאלנדיקער נאכט, האָט זיך אָנגעהויבן די געוויינלעכע טאָג - טעגלעכע וואנדערונג. פון אלע זייטן האָבן געשטראָמט אָן א שיעור מענטשן.

איבער דער גענשע גאס האָבן געלעבט יידן, שטארק איילנ-דיק זיך, געשטופט א פלאכן, צוויי - רעדערדיקן האַנט - וואָגן מיט מעבל. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער סמאָטשע, האָט א יונגער קריסט, אַן אויסגעפוצטער פראַנט מיט א הארטן הוט אויפן קאָפ און אין אַ נייעם העל - גרויען אַנצוג זיי פארהאַלטן.

— צי ווייסט איר נישט, אַז יידן איז פאַרבאָטן איבערצופירן מעבל? — האָט ער מיט אַ הערשעריש קול אַ געשריי געטון.

די יידן האָבן זיך דערשראָקן. איין ייד איז שוין גרייט גע-ווען אים אריינצושטעקן אַ מטבעה אין דער האנט אריין. אָבער מענטשן ארום האָבן זיך אריינ־געמישט, דערקענענדיק אין דעם פארשוינס אויסשפראך, אַז ער איז נישט קיין דייטש.

— גיט נישט קיין געלט! — האָט מען פון אומעטום גע=
שריגן — ס'איז נישט קיין דייטש.

דער אויסגעפוצטער פאַרשוין האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו
קאָכן. מיט א גאווהדיק = ארויסגעשטרעקטער האנט האָט ער,
אָנשטרענגענדיק זיין קול, מעשה=דייטש, מיט אַ גאָרגלדיקער שטי=
מע באפוילן די יידן צוריקצופאָרן און מיט דער צווייטער האנט
געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער כאַפּט זיך צום רעוואָלווער. עטלע=
כע פרעגער = יונגען זיינען אריין אין דער מיט. מיט די הענט
אין די מאַשן, מיט שווייגנדיק = דראָענדיקע פנימער. גרייט צו
צערייסן אים אויף שטיקער, האָבן זיי אים אַ ווייל מיט אַן אַרויס=
פאָדערנדיקן בליק אָנגעקוקט און געהייסן די יידן ווייטער פאָרן.
איין יונג, א נידעריקער מיט א פּאָר פעסטע, ברייטע, לייכט =
איינגעהויקערטע פלייצעס האָט זיך קוים געקאָנט איינהאלטן. ער
האָט ארויסגעצויגן א האנט — א שופלע — און, אָנרופנדיק אים
מיט א יום = טובדיקן נאָמען, שוין אים געוואָלט מכבד זיין. דער
פאַרשוין האָט זיך דערשראָקן און ווייס, ווי קרייד, שנעל אָפּגעצויגן.
ס'האָט זיך אָבער באלד ארויסגעוויזן, אז ער איז דווקא יאָ גע=
ווען אַ פּאָלקס = דייטש. מענדל איז פּונקט געקומען צו דעם
אָרט ווען דער אויסגעפוצטער פאַרשוין איז צוזאַמען מיט אַ כאָפּטע
דייטשן אָנגעקומען צו לויפן. דער וואָגן מיטן מעבל איז שוין
נישט געווען, האָבן זיי זיך גענומען אויף אן אנדערן איפן אויס=
צולאָזן זייער כעס... אין גאַס איז געוואָרן אַ געוואַלד. אַלץ האָט
אָנגעהויבן צו אנטלויפן. מען האָט פארהאקט די טויערן. מענדל
איז קוים מיטן לעבן צוזאמען מיט נאָך מענטשן אריין אין א
טויער. זיי זיינען דערנאָך געשטאנען אויפן הויף פארשטעקט אין
א ווינקל, געציטערט פון שרעק און מיט שווידער צוגעהערט זיך
צו די שרעקלעכע געשרייען אינדרויסן. די אימהדיקע געוואלדן
האָבן נאָך לאַנג אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט פון דער פוסט=
געוואָרענער גאס.

ווען ס'איז צוריק געוואָרן שטיל, איז שוין געווען שפּעט,
לאנג נאָך דער פּאָליצײ = שעה. מענדל האָט מיט שרעק זיך דער
מאָנט אין נימעלען און איז צוגעלאָפן צו דעם פאַרמאַכטן טויער.
דער הויז = וועכטער האָט אויף אים א קוק געטון ווי אויף א
משוגענעם, און איז, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, פּאַמעלעך
אַריינגעגאַנגען צו זיך אין שטוב אַריין. מענדל האָט מיט פּאַר=

צווייפלונג זיך געוואָנדן צו די מענטשן אין טויער. מיט א צע־בראָכן קול האָט ער זיי דערציילט וועגן זיין ווייב, וואָס וואַרט אויף אים איינע אליין אין א הויז וווּ ס'איז שוין בכלל נישטאָ קיין יידן. ער האָט מורא, האָט ער מיט פיין געשעפטשעט, אז עס קאָן דאָרט, חלילה, מיט איר עפּעס געשען.

— יידן!.. יידן! — האָט ער מיט ציטערנדיקע הענט זיך געקלאַמערט אין זיי — העלפט מיר!... גיט מיר אַן עצה, וואָס זאָל איך טאָן?

מענטשן האָבן פּרוּיעריק געשאָקלט מיט די קעפּ און געשוויגן. ס'איז געוואָרן שפּעט. מענטשן זיינען זיך צעקראָכן איבער די ווינקלען, איבערגעכטיקן ווי. טייל האָבן זיך אויסגעזעצט אין די זיימן אויף דער ערד און געדרימלט. מענדל איז שוין א גאַנצע נאַכט, ביז אין דער פרי, ציטערנדיק פון שרעק און קעלט, געשטאַנען ביי דעם פאַרמאַכטן טויער.

אין דער פרי, ווען דער הויז ־ וועכטער איז א האלב ־ פאַר שלאָפענער און געגעצנדיקער אַרויסגעקומען, האָט מענדל זיך קוים נאָך געהאַלטן אויף די פיס. ווי נאָר דער הויזוועכטער האָט אויפגעשלאָסן דעם טויער, איז ער שנעל ארויסגעלאָפן און האָט אָנגעהויבן גיך צו גיין. ער איז אָבער באלד אָפּגעשטאַנען. דער שוויים איז אים גערונען איבערן גאנצן פנים. ער האָט זיך א ווייל אָפּגערוט און פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו גיין ווייטער.

אריינגייענדיק אין א קווערגאַס, האָט ער אָנגעטראָפן אויף א גרופּע יידן, באלאָדענע מיט פּעקלעך, וועלכע צוויי דייטשן האָבן אַריינגעפירט אין אַ טויער אַריין. פון טויער האָבן זיך גלייך דערהערט אימהדיקע געשרייען. מענדל איז אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאס און, ציטערנדיק אויפן גאנצן לייב, שנעל פאַרביינעלאָפן דעם טויער.

נאָכן אָפּלויפן א שטיקל וועג, האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ס'האָט אים אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן, די פיס האָבן זיך אים געוואקלט. ער האָט זיך צוגעשלעפּט צו א הויז, אָנגע־שפּאַרט זיך און אזוי געשטאַנען א לאַנגע צייט, ביז ער איז אביסל געקומען צו זיך.

ערשט ארום צען אזייגער איז ער צוגעקומען צו דעם הויז ווו ער האָט געוווינט. „געלויבט איז גאָט, אז איך בין שוין אינ־דערהיים“, האָט ער לייכטער אָפּגעאָטעמט.

ער האָט שווער נעאָטעמט, גייענדיק ארויף איבער די טרעפּ. עס האָט נאָך געהאַט גאָר עטלעכע טרעפּ פאַר זיך ווי ער איז פּלוצעם מיט אן אָפּשטארבנדיק הארץ געבליבן שטיין, אָנ־האלטנדיק זיך מיט אלע כוחות אינם טרעפּן־אָנגלען. די טיר פון זיין שטיבל איז געווען ברייט צעעפנט. פאמעלעך מיט וואקלדי־קע טריט איז ער צוגעגאַנגען און געבליבן שטיין אין דער טיר. א פארגליווערטער, אָן איין געדאַנק אין קאָפּ, האָט ער זיך ארומ־געקוקט איבערן צימער. די פעקלעך זיינען געווען אויפגעפּאקט, צעוואָרפן. די זאכן האָבן זיך געוואלגערט איבער דער גאנצער שטוב.

טרעטנדיק איבער די זאכן, איז ער אריינגעגאנגען און גע־בליבן שטיין. מיט א פארגליווערטער פארווונדערונג האָט ער זיך ארומגעקוקט איבער דער שטוב, ווי ער וואָלט נישט געגלייבט, אז דאָס אלץ געשעט אויף דער וואָר.

מיטאמאָל האָט ער אויפגעוואכט פון דער פארשטארטקייט.

— גיטעלע... גיטעלע... — האָט ער מיט ווייסע ציטערדיקע ליפּן געשעפּטשעט — ווו ביסטו?

ער האָט אריינגעקוקט אין דער אָפענער שאנק, אראָפּ־בייגנדיק זיך, ארונטערגעקוקט אונטער די בעטן. זיינע צעלאָפּע־נע אויגן האָבן געזוכט איבער דער גאַנצער שטוב. פּלוצעם האָט זיין בליק זיך פארהאַלטן און איינגעקוקט זיך אין עפּעס אויף דער ערד. ער איז צוגעגאנגען נענטער. יאָ, אן אוועקגעוואָרפן שטיקל פון אן אויסגערייכערטן פּאפּיראָס. פונוואנען נעמט זיך דאָס דאָ? „דייטשן“! איז מיט אימה דורכגעלאָפן א געדאַנק דורך זיין מוח.

נישט אראָפּנעמענדיק זיינע אויף טויט־איבערגעשראָקע־נע אויגן פונעם שטיקל פּאפּיראָס אויף דער ערד, האָט ער הינטער־ווייַלעכץ זיך געררוקט צו דער טיר. אָן אָטעם איז ער אראָפּגעלאָפן איבער די טרעפּ און ארויס פונעם טויער. מיט א צעשויבערטער באָרד און ווילד־אויפגעריסענע אויגן איז ער געלאָפן אין מיטן גאס און האָט, ווי א קליין, פארבלאָנדזשעט קינד, וואָס זוכט זיין מאמען, שטיל געררופן: גיטעלע!... גיטעלע!...

# גאָלד

## 1

פרי איז אין דעם יאָר דער פרילינג געקומען. די זון, ווי זי וואָלט וועלן פאַרגיטיקן די פינצטערע, וואָלקנדיקע ווינטער-טעג, האָט פאַריאָגט פונעם הימל אפילו דאָס קלענסטע וואָלקנדל און זיך צעלויכטן, ווי אין מיטן תמוז.

די ערד איז, ווי איבער נאַכט, באַדעקט געוואָרן מיט אַ יונגער, סאַמעטענער גרינקייט. די ביימער זיינען נאָך געשטאַנען נאַקעט, מיט פוסטע, אַראָפּהענגענדיקע צווייגן. אָבער אין דער גאַנצן פון זיי האָט זיך שוין געפילט עפּעס אַן אומדייטלעכער, אויפפרישנדיקער ריח — אַן אָנזאָג אויף דעם אָנקומענדיקן, בליענדיקן לעבן.

נאָר ייִדן אין שטעטל האָבן דאָס אויפוואַכנדיקע לעבן נישט באַמערקט. אַ שוואַרצער טאָג האָט זיך שווער צעלייגט איבער: שטעטל, געשטיקט און געפייניקט און נישט צוגעלאָזט די ליכטיקע שיין און די פרייע לופט; ייִדן האָבן מיט פאַרצווייפלונג געקלאַמערט זיך אין לעבן, מיט יעדער צופאַלנדיקער נאַכט געדאַנקט גאָט פאַר דעם איבערגעלעבטן טאָג און געוואַרט אויף דער ישועה.

די זון איז פאַרגאַנגען.

אסתר איז געזעסן אין דער זייט, לעבן פענצטער, און אַרויסגעקוקט. זי האָט געקוקט אויף דער רויטער זונענשיין, אויף די רויטצעפלאַמטע וואָלקנדלעך און ליכטיק געגלעט דאָס קעפּל פון איר דריי-יעריק ייִנגעלע, וואָס איז געשלאָפן אויף איר שויס. דער קליינער האָט רואיק, ריטמיש געאָטעמט. אַרום איז געווען שטיל.

די שטילקייט איז טיילמאָל איבערגעריסן געוואָרן דורך טריט פון אַ פאַרבייגייענדיקן מענטש. אסתרן האָט זיך דעמלט אויסגע-

דאכט, אַז די טריט קומען פון גאָר, גאָר ווייט. זי האָט פאַרגעסן ווו און אין וואָס פאַר אַ צייט זי געפינט זיך. עס האָט זיך איר איצט געדאַכט, אַז זי איז נאָך אַ יונג מיידל, זי זיצט איינע אַליין און חלומט אירע מיידלשע חלומות.

די רויט־צעפלאַמטע וואָלקנדלעך האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלירן זייער גאָלד־קאָליר. זיי זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל בלאַסער, און אסתר איז נאָך אַלץ געזעסן פאַרחלומט, פאַרקוקט אין דער פאַר־שווינדנדיקער ליכטיקייט.

אין דרויסן איז געוואָרן וואָס אַמאָל טונקעלער. ס'האָבן זיך דערהערט גיכע, איילנדיקע טריט.

אסתר האָט ווי אויפגעוואַכט. זי האָט אַ חנע מיט מטושטשע אויגן זיך ארומגעקוקט, דערזען די אומהיימלעכע פוסטקייט אין גאַס און געבליבן זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט.

„וואָס זעט מען עפּעס נאָך ניט יוספן? ס'איז דאָך שוין שפּעט!“ האָט אסתר אומרואיק אַ טראַכט געטאָן.

זי איז מיט דעם שלאָפנדיקן קינד אויף די הענט צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע און פאָרזיכטיק אים אַנידערגעלייגט. זי האָט אָנ־געצונדן דעם נאַפט־לאָמפּ און צוגעגאַנגען צום פענצטער. זי האָט דערהערט די איר גוט באַקאַנטע טריט.

די טיר האָט זיך אויפגעעפנט.

— ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג, יוסף? — האָט זי געפרעגט, פאַרהענגענדיק דאָס פענצטער מיט אַ טונקל טוך. זי האָט מיט פאַר־וואונדערונג אויסגעדרייט דעם קאָפּ, נישט באַקומענדיק קיין ענט־פער.

— וואָס איז געשען, יוסף? — איז זי דערשראָקן געבליבן שטיין.

יוסף האָט שווער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול.

— נאָלד, — האָט ער קורץ געענטפערט.

— שוין ווידער?! — האָט אסתר מיט שרעק אויסגערופן.

יוסף האָט טרויעריק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— וויפל פאָדערן זיי איצט?

— צען קילאָ.

— צען קילאָ?! — האָט אסתר מיט ברייט־צעעפנטע אויגן געשעפּטשעט ווי צו זיך — פון וועמען?!.. פון וואַנען?!...

יוסף האָט הילפלאָז צעשפּרייט די הענט און גאָרנישט געענט־

פערט. אַ ווייל איז געווען שטיל. ביידע זיינען געווען פאַרזונקען אין מחשבות.

יוסף האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ מיט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט וועלן פאַרטרייבן פון זיך זיינע פינצטערע געדאַנקען. פּלוצעם האָט ער, ווי אַן איינזאַמער, אומבאַוועגלעכער בוים פון אַן אומגעריכטן ווינט, אַ ציטער געטאָן. ער איז האַסטיק אויפגעשפּרונגען און מיט אַ שטאַרקן בלאָז אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ.

— אוי! — האָט אסתר מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ.

— דו האָסט פאַרהאָנגען נאָר איין העלפט פענצטער, — האָט יוסף שטיל, מיט אַ ציטער אין קול, געזאָגט, צוגייענדיק צום פענצטער, און פאַרהאָנגען די צווייטע העלפט.

ער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און צוגעגאַנגען צום לאָמפּ. דאָס פלעמל פונעם שוועבעלע האָט געציטערט אין זיין האַנט און שוואַך, שאָטנדיק באַלויכטן זיין הויכן שטערן, אויף וועלכן ס'האָבן געשימערט קליינע טראָפּנס שווייס.

אסתר איז געשטאַנען אָנגעלענט אין דער וואַנט און שווער געאָטעמט. די שרעק איז שוין פאַרביי. אָבער דאָס האַרץ האָט גע־קלאַפּט, אין קאָפּ האָט גערוישט. זי האָט בולט געזען פאַר זיך די קליינע הנהלע, וועלכע די דייטשן האָבן די פאַריקע וואָך חאַ אויף דער זעלבער גאַס דערהרגעט, אַריינשיסנדיק דורך אַן אומפאַר־האָנגען פענצטער.

דערווייל האָט דער קליינער, פונעם גערודער, וואָס איז אַנט־שטאַנען אין שטוב, אויפגעכאַפּט זיך פון שלאָף. ער האָט געפינטלט מיט די אויגן און, דערזעענדיק דעם פאָטער, שנעל זיך אַראָפּגע־גליטשט פון דער קאַנאַפּע.

— טאַטעשי! — איז ער מיט אַ פרייכלעכן אויסגעשריי צוגע־לאָפן.

יוסף האָט מיט אַ טרויעריקן שמייכל אויפן פּנים אַרויפגענו־מען אים צו זיך אויף די קני.

דער קליינער האָט אָנגעהויבן פריילעך צו פּלאַפּלען.

יוסף האָט געקוקט אויף דעם קינד און געשמייכלט. אָבער־צו זיין באַוווסטזיין איז נישט דערגאַנגען דער זין פון די ווערטער, וואָס דער קליינער האָט צו אים גערעדט. טרויעריקע, יאושדיקע געדאַנקען האָבן זיך שווער צעליינט איבער זיין צעהיצטן מוח. נאָר דער קליינער האָט יעדע ווילע מיט צודרינגלעכע פראַגן אים גע־

צוואנגען אויפצופּויכן פון זיין מרה־שחורה. און ביסלעכווייז איז ער געוואָרן אָנגעשטעקט מיט דעם קליינעמס תמימותדיקער פריילעכ־קייט. ער האָט פאַרגעסן אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען און אָנ־געהויבן זיך מיט אים צו שפּילן.

אסתר האָט געגרייט אָוונטברויט.

דער אוטעם איז פון איר אויך אַוועק. זי האָט צוריק באַקומען מוט, זעענדיק, ווי יוסף שפּילט זיך מיט שלמהלען. זי האָט זיך גע־לייגט שלאָפן מיטן געדאַנק, אַז עס איז נישט אַזוי שלעכט. מען וועט שוין געפינען אַן אויסוועג.

זי איז באַלד איינגעשלאָפן.

יוסף האָט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן.

ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקוקט אין דער טיפער, אומענדלעכער פינצטערניש. ער האָט אסתרן נישט דערציילט דעם גאַנצן אמת. ער האָט איר נישט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אַ גאַנצע ריי יידן געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צושטעלן אין פאַרלויף פון דריי טעג דאָס געלד. און אַז ער, יוסף, געפינט זיך אויך צווישן זיי.

2

אויפן דריטן טאָג, 2 אַזייגער, איז אין שטעטל געוואָרן אַ בהלה. יידן האָבן זיך אָנגעהויבן באַהאַלטן. בליץ־שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז דער אַלטער זיבעציק־יעריקער ישראל קאָרן, שמעון לעווין און נאָך עטלעכע יידן זיינען אַרעסטירט גע־וואָרן. אסתר האָט פון אין דער פרי אָן נישט געקאָנט זיך געפינען קיין אָרט. זי האָט געפּרוווט אויפצורוימען די שטוב, צו נייען, צו פאַרריכטן. זי האָט אָבער צו קיין שום אַרבעט נישט געהאַט קיין געדולד. זי איז געלאָפן פון איין ווינקל צום אַנדערן. זי האָט עפּעס געזוכט, אַליין נישט וויסנדיק וואָס. טיילמאָל האָט זי זיך, נישט טראַכטנדיק פון גאָרנישט, פאַרקוקט אויפן שטויביקן זונענשטראַל, וועלכער איז אַריינגעפאַלן דורכן פענצטער, אויפגעכאַפּט זיך און ווייטער אָנגעהויבן עפּעס צו זוכן. זי האָט אפילו נישט באַמערקט דעם טומל, וואָס שלמהלע האָט געמאַכט, רייטנדיק אויף אַ שטול צום פענצטער.

—מאַמעשי, — האָט שלמהלע, שוין אוודאי צום צענטן מאָל, געפרעגט: ווען וועט מען שוין מעגן אַרויסגיין אין גאַס?

— מאָרגן, שלמהלע, מאָרגן. — האָט אסתר מיט מוטערלע־כן געדולד געענטפערט.

— אָבער פאַרוואָס ,מאַמעשי, מאָר מען הייגט נישט אַרויס־גיין?

—די דייטשן דערלויבן נישט...

זי איז געבליבן שטיין, פאַרהאַלטנדיק דעם אָטעם, מיט אַן אָנגעשטרענגט געהער. פון דער גאַס האָבן זיך דערהערט די כאַראַקטעריסטישע טריט פון באַנאָגלטע שטיוול. די באַנאָגלטע שטיוול האָבן זיך פאַרהאַלטן גאָר נאָענט. אָבער זיי האָבן מיט אַ גאָך שטאַרקערער קראַפט אָנגעהויבן צו קלאַפן אין אסתרס האַרץ. זי האָט זיך אָנגעשפאַרט אין טיש.

די טיר האָט האַסטיק זיך געגעבן אַן עפן אויף, און עטלעכע דייטשן זיינען מיט רעש און טומל אַריין אין שטוב.

— מאַמעשי! — איז שלמהלע מיט שרעק צו צו אסתרן און איינגעקלאַמערט זיך אין איר קלייד.

די דייטשן זיינען אַ ווייל געשטאַנען ביי דער טיר און זיך אַרומגעקוקט.

— דאָ וווינט יוסף שוואַרץ? — האָט אַ הויכער דייטש אין ברילן, מיט אַ קיילעכדיק פול פנים געפרעגט.

— יאָ — האָט אסתר, אָן אַ טראָפן בלוט אין פנים, געשאַקלט מיטן קאָפּ.

— וווּ איז ער?

— איך... ווייס נישט. — האָט אסתר געשטאַמלט.

ער האָט אַ ווייל זי אָנגעקוקט מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק.

— זוכט דערווייל אַדורך די גאַנצע וווינונג. — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו די דייטשן. און מיט אַ שמייכל, פון וועלכן אסתרן איז קאַלט געוואָרן, האָט ער צוגעגעבן:

— זי וועט שוין דערנאָך זאָגן, ווו איר מאַן איז.

זיי זיינען זיך צעלאָפן איבער דער וווינונג און אָנגעהויבן זוכן, אַלץ איבערצוקערן. דער הויכער דייטש אין די ברילן איז צו צו די בעטן. ער האָט אונטער אַ קישן געפונען אַ קליין פּעקעלע און עס גיך אַרייגעלייגט אין טאַש אַריין. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און, אָנטרעפנדיק אויף אסתרס בליק, האָט ער אויף אַ ווייל זיך פאַרלוירן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט אָבער באַלד צוריק זיך אויס־געגלייכט און מיט שטאָלצער גאווה זי אָנגעקוקט. ער האָט ווייטער

געזוכט. צוויי דייטשן זיינען געבליבן שטיין מיט עפּעס אַ צוריקגע־האַלטענעם, צופרידענעם שמייכל אויף די פּנימער...

— נו, — איז דער הויכער אין די ברילן, אָפּקלאַפּנדיק זיך די הענט פון שטויב, צוגעגאַנגען צו אסתרן: איצט, זאָג, ווו איז ער, דיין מאַן?

— איך ווייס נישט ווו ער איז. — האָט זי מיט זיכערקייט אין קול געענטפערט.

— דו ווייסט נישט ווו ער איז? — האָט ער גאַליק גע־שמייכלט.

— ניין!

ער האָט פון אונטער די ברילן, מיט פאַרמרוזשעטע, קורצזיכ־טיקע אויגן געקוקט אויף איר.

— זאָג מיט גוטן, — האָט ער איר געדראָט מיט אַ פינגער — אויב נישט, וועלן מיר דיך צווינגען...

ער האָט באמערקט איר בליק אויף דער טאַש, אין וועלכער ער האָט באַהאַלטן דאָס פּעקעלע, און דאָס בלוט איז אים האַסטיק געקומען אין פּנים אַריין. אסתר האָט זיך אָנגעהויבן צוריקציען, דערזעענדיק זיין אויסגעקרימט מויל.

— דו בלעידע קו! — האָט ער מיט אַ הייזעריק קול פון צוויש׳ פאַרקריצטע ציין אַ געשריי געטון: ווו איז ער? זאָג!!

אַ הילכיקער פּאַטש האָט אָפּגעקלונגען.

אסתר איז אַרויפגעפלויגן אויף דער וואַנט. שלמהלע איז מיט אַ געשריי אַוועקגעפלויגן פון דער צווייטער זייט.

דער דייטש איז, אויסער זיך פון רציחה, צוגעשפּרונגען צו איר. אסתר האָט געפּרוווט פאַרשטעלן זיך דאָס פּנים. אָבער ער האָט ווילד געפּאָכעט מיט די הענט און געהאַלטן אין איין שרייען: „ווו איז ער? ווו איז ער, דער הונט?!"

מיט יעדן קלאַפּ, וואָס ער האָט איר דערלאַנגט, איז זיין כעס און רציחה נאָר מער געוואָקסן. ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן איר חוצפּהדיק־ביטולדיקן בליק, וואָס זי האָט געוואָרפן אויף זיין טאַש.

— דו בלעידע קו! — האָט ער געקריצט מיט די ציין און מיט אַ זעץ אַרויפגעשליידערט זי אויף דער וואַנט.

דערזעענדיק, ווי מען שלאָגט זיין מאַמען, איז שלמהלע מיט אַ געשריי: „מאַמעשי!" צוגעלאָפן און אַריינגעקלאַמערט זיך אין איר. דער דייטש האָט פּלוצים דערפילט ווי עפּעס פלאָנטערט זיך

צווישן זיינע פיס. ער האָט דאָס „עפּעס" געגעבן אַ כאַפּ אָן און מיטן גאַנצן כוח אַ שליידער אַוועק געטון.

ס'האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעך געשריי.

אסתר האָט אַ שפּרונג געטון אין אַ זייט און געוואָלט צו צו שלמהלען. זי האָט אָבער באַקומען אַ זעץ אין דער ברוסט אַריין און אויסגעצויגן זיך אויף דער ערד.

דער דייטש האָט אַראָפּגעכאַפּט די ברילן פון נאָז און גיך, מיט ציטערדיקע פינגער, זיי איבערגעווישט, אַרומקוקנדיק זיך, דער־ביי מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן.

אסתר האָט, אויסשפּייענדיק אַ שטיק בלוט, זיך אויפגעהויבן. שלמהלע איז געלעגן אויף דער ערד האַלב באַטויבט און גערופן: „מאַמעשי! מאַמעשי!"

די איבעריקע דייטשן האָבן דערווייל געזוכט איבער דער גאַנ־צער שטוב, אין דער שאַנק, אין יעדן ווינקל.

— אָ! — האָט פּלוצעם אַ דייטש מיט אַ לאַנגן קאָפּ און ווײַ־סע ברעמען פריידיק אַ געשריי געטון.

דער הויכער דייטש האָט געגעבן אַ וואָרף אַרויף די ברילן אויף דער נאָז און צוגעשפּרונגען. די אַנדערע דייטשן זיינען אויך צוגע־לאָפן. דער דייטש מיט די ווייסע ברעמען האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַן אַלטמאָדיש פּרויען־זייגערל מיט אַ לאַנג, דין קייטעלע.

— ס'איז גאָלד?... ס'איז גאָלד?... — האָט איינער דעם אַנ־דערן געפרעגט און געציטערט פאַר אומגעדולד.

דאָס זייגערל האָט געגלאַנצט און געשימערט און, ווי אַ גאָל־דענע זון, פאַרבלענדט זייערע אויגן. זיי האָבן פאַרגעסן אין אסתרן.

זיי האָבן אויסער דעם זייגערל גאָרנישט געזען אַרום זיך. מיט גיריק־ברענענדיקע אויגן האָבן זיי גענומען זוכן דעם „גאָלד־שטעמפּל". זיי האָבן איינער דעם אַנדערן אומגעדולדיק עס אַרויס־געריסן פון דער האַנט און געזוכט. דער הויכער דייטש אין די ברילן האָט דאָס זייגערל באַקומען אין זיין האַנט אַריין און צוגעלאָפן צום פענצטער. זיי זיינען אים אַלע נאָכגעלאָפן, איבערשפּרינגענדיק איבער שלמהלעס קערפּער, וועלכער איז געלעגן אויפן וועג צום פענצטער. איין דייטש האָט זיך פאַרהאַלטן אין שלמהלעס פיס און שיר ניט אומגעפאַלן.

— פערפלוכטער! — האָט ער זיי מיט כעס אַ קאָפּע געטון.

ביים פענצטער האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן זיך צו אַמפּערן, שטופּן זיך און זוכן. זיי האָבן נישט געקאָנט געפינען דעם גאָלד־

שטעמפּל. אַ דייטש האָט אַרויסגעכאַפּט אַ מעסערל און מיט אַ ציַ
טערדיקער האַנט געקראַצט דאָס דעקל פון דעם זייגערל. ס'האָט זיך
באַוויזן געל מעש. מיט כעס האָט ער עס אַ שלײַדער געטון אין
דער ערד, עס איז צעשפּרונגען געוואָרן אויף שטיקלעך.

זיי זײַנען געבליבן שטיין ביים פענצטער, מיט פאַרלעגנהייט
געקוקט איינער אויפן צווייטן און געשמייכלט מיט אַ נאַרישן
שמייכל. דער הויכער דייטש אין דיברילן האָט זיך אַרומגעקוקט
איבער דער שטוב, ווי ער וואָלט חושד געווען, אַז עמעץ לאַכט
אים אויס, מאַכט חוזק. ער האָט דערזען אסתרן, וואָס איז געַ
שטאַנען אַראָפּגעבויגענערהייט לעבן שלמהלען און געפּרווט אים
אויפצוהויבן. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס האָט זי ספּעַ
ציעל אונטערגעוואָרפן דאָס זייגערל, כדי אָפּצושפּעטן פון זיי. מיט
האַס און רציחה איז ער צוגעשפּרונגען צו איר.

אסתר האָט אַ כאַפּ געטאָן איר קינד און אָן אָטעם צוריקגעַ
צויגן זיך.

דער דייטש האָט אַ קוק געטאָן אויף שלמהלען און פּלוצעם
זיך פאַרהאַלטן.

אסתר האָט פעסט צוגעדריקט צו זיך איר קינד און גיך, אָפַּ
געהאַקט געאָטעמט. דער דייטש האָט, נישט אַרויסרײדנדיק קיין
וואָרט, אָנגעכאַפּט שלמהלען ביי אַ הענטל און גלייכצייטיק אסתרן
דערלאַנגט אַ זעץ אין דער ברוסט אַריין. אסתר איז, אָפּלאָזנדיק
שלמהלען, אַרויפגעפלויגן אויף דער וואַנט. דער דייטש האָט אַ
געם געטון שלמהלען פון הינטן און אים אויפגעשטעלט. זיין צווייַ
טע האַנט האָט פיבערהאַפּט אַרויסגעשלעפּט דעם רעוואָלווער.

אסתר האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און געוואָלט צולויפן.
אָבער צוויי דייטשן האָבן זי געגעבן אַ כאַפּ אָן און אַרונטערגעַ
דרייט איר די הענט.

— איך גיב דיר צייט פינף מינוט, — האָט דער הויכער
דייטש געדראָט אסתרן מיטן רעוואָלווער: „אויב דו וועסט אין
פאַרלויף פון פינף מינוט נישט זאָגן ווו דיין מאַן געפינט זיך,
וועט דער קליינער דערשאָסן.

— נו, באַוויז, פאַרפלוכטע הינדין, — האָט ער מיט אַ שפּאַָ
טיקן שמייכל צוגעגעבן: צי אַ יידישע פרוי איז פעיק צו זיין אַ
מוטער.

אסתר איז געבליבן שטיין, ווי געלײמט. זי האָט אויפגעהערט

זיך צו רייסן פון די דייטשנס הענט. מיט אַרויסקריכנדיקע אויגן האָט זי זיך איינגעקוקט אינעם רעוואָלווער.

דער הויכער דייטש האָט איצט שוין געהאַט באַהערשט זיין כעס. ער האָט געהאַלטן דעם רעוואָלווער נאָענט פון שלמהלעס קעפּל און קאַלטבלוטיק געקוקט אויפן ווייזער פונעם וואַנטזייגער.

שלמהלע איז ווי פאַרחלשט געלעגן אָנגעלענט אין אים און שטיל געקרעכצט.

דער זייגער האָט אין דער שטילקייט מיט אַ מוטער גלייכגילטיקייט געקלאַפּט:

— טיק-טאַק... טיק-טאַק... טיק-טאַק...

אסתרס אויגן האָבן אָנגעהויבן צו לויפן פונעם רעוואָלווער צום זייגער און צוריק. די ברוסט האָט זיך איר גיך און הויך געהויבן. זי האָט אויפגעעפנט דאָס מויל, ווי זי וואָלט עפּעס וועלן זאָגן, אָבער ס'איז אַרויס נאָר אַ פאַרשטיקטער כאָרכל. דער דייטש האָט פאַרמרוזשעט די אויגן.

— ס'איז שוין פינף מינוט. ווו איז דיין מאַן?

אסתר האָט, מאַטערנדיק זיך, שווער געאָטעמט.

— דערשיס מיך... — האָט זי מיט פאַרברענטע ליפּן שטיל געשעפּטשעט: נישט מיין קינד...

ס'האָט אַ הילך געטאָן אַ שאָס.

שלמהלעס קרעכץ איז איבערגעריסן געוואָרן.

אסתר האָט אַ געשריי געטאָן. זי האָט מיט אַ געוואַלדיקער גראַפּס זיך אַ ריס געטאָן פאַרויס און אַרויסגעריסן זיך פון די דייטשנס הענט. דער הויכער דייטש האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט אָפּצולאָזן דאָס דערשאָסענע קינד, ווי ער האָט דערזען פאַר זיך אסתרס ווילד־ברענענדיקע אויגן. ער האָט אַ שטרעק אויס געטאָן דעם נאָך רויכערנדיקן רעוואָלווער און צוויי מאָל אין איר אויסגעשאָסן.

דער דייטש האָט פּאַמעלעך באַהאַלטן דעם רעוואָלווער, אויסגעגלייכט זיך דעם מונדיר און, שפּרייזנדיק פּאַרזיכטיק, ער זאָל זיך די שטיוול נישט באַשמוצן מיט בלוט, אַרויסגעגאַנגען.

# פערעלע

אויף יענער זייט פון די געטאָ־מויערן איז איצט זומער.

א זוניקער זומער אויף גרינע פעלדער מיט צעפּאַליעטע זאַנ־גען, ווו ס'בלאָזן לינדע ווינטלעך, און ס'אָטעמט זיך מיט פרישער שמעקעדיקער לופט, א זוניקער זומער אין גרינע וועלדער, אין וועל־בע ס'איז אין מיטן טאָג, ווען די זון ברענט, שאָטנדיק און קיל.

אַ פרייע זומערדיקע וועלט!

אין געטאָ שיינט די זעלבע הייסע זון. אָבער די לופט איז פון די אומאָוועקגעראוימטע הויפנס מיסט אויף די גאַסן און הויף אַ שטיקנדיקע.

אין די געטאָ־גאַסן ווימלט פון קוים־לעבעדיקע און האַלב־טויטע מענטשן. פון צייט צו צייט ווערט אַ בהלה, מענטשן רוימען אָפּ די גאַסן און פאַר־שטעקן זיך אין אַלע מעגלעכע לעכער. דאָס אַנטלויפן נישט יידן פאַר דער הייסער, ברענענדיקער זון, אָדער פאַר דער שטיקנדיקער לופט. אין געטאָ איז פאַראַן עפּעס טויזנט מאָל ברע־נענדיקערס פון דער זון און שטינקענדיקערס פון דער מיסט־לופט: דייטשן.

נאָר שטאַרקער נאָך פון די דייטשן איז אין געטאָ דער הונ־גער. דער הונגער, וועלכער צווינגט מאַמעס איינצושטעלן יעדן טאָג זייער לעבן, כדי אַהיימצוברענגען זייערע קינדער אַ שטיקל ברויט אָדער אַ פּאָר קאַרטאָפל.

* * *

פערעלען איז שוין אַביסל בעסער. דאָס געשווילעכץ איז איר שוין כמעט אַראָפּ פון די פיסלעך. אָבער זי איז נאָך זייער שוואַך,

זי קאָן קוים גיין, און דעריבער דערלויבט איר נאָך נישט די מאַמע אַרויסצוציין פון שטוב. אין אַ ווינטקל אויף אַ געלענער, וואָס באַ־שטייט פון עטלעכע אויף דער ערד פונאַנדערגעשפּרייטע שמאַטעס, זיצט זי דעם גאַנצן טאָג רואיק, שטיל, רירט זיך נישט פון אָרט און קוקט מיט אירע אומנאַטירלעך גרויסע אויגן אין איין פּונקט, אויף דער טיר.

זיצנדיק אַזוי, דרימלט זי פון צייט צו צייט איין אויף אַ ווייל. זי גיט זיך אָבער באַלד צוריק אַ כאַפּ אויף און קוקט זיך אַרום מיט דערשראָקענע, צעטומלטע אויגן, ווי זי וואָלט ערשט דאָס ערשטע מאָל דערזען די פינצטערע אָרעמקייט אין שטיבל... ווען זי קומט אַביסל צו זיך, גייט זי צו צום פענצטער, קוקט אַרויס אויפן שמאָלן, שמוציקן הויף און פּרוווט, לויט די זונפלעקן אויף די הויפנס מיסט, טרעפן ווי שפּעט עס איז איצט, ווי לאַנג עס וועט נאָך דויערן ביז פאַרנאַכט, ווען די מאַמע וועט אַהיימקומען און ברענגען דאָס גע־גאַרטע שטיקל ברויט.

דעם גאַנצן טאָג וואַרט פּערעלע רואיק, געדולדיק אויף דער טעגלעכער פּאָרציע ברויט, אָבער פאַרנאַכט, ווען פון הויף פאַר־שווינדט דער לעצטער זונפלעק, ווערן פּערעלעס אויגן נאָך גרע־סער, דער הונגער הייבט אָן וואָס אַמאָל שטאַרקער צו מאַטערן, און זי קאָן זיך קוים דערוואַרטן אויף דער מאַמעס אַריינקומען.

ווי נאָר די מאַמע באַווייזט זיך אין דער טיר, פאַלט פּערעלע כמעט אָן באַוווסטזיין צו צו איר האַנט און הייבט אָן גיריק צו עסן דאָס שוואַרצע, ליימיקע שטיקל ברויט, שלינגענדיק גאַנצע אומצע־קייטע שטיקלעך.

ווען פּערעלעס מאַמע דערפילט, אַז דאָס שטיקל ברויט געפינט זיך שוין נישט אין איר האַנט, אָטעמט זי פרייער אָפּ, ווי זי וואָלט זיך באַפרייט פון אַ שווערער לאַסט. זי קוקט זיך שווייגנדיק צו ווי פּערעלע עסט, און אויף איר איינגעטרוקנט פּנים באַווייזט זיך אַ גליקלעכער שמייכל. זי הערט דעמלט אויף צו פילן איר אייגענעם געדערעם־רייסנדיקן הונגער. זי געדענקט בכלל נישט אין דעם קאַמף, וואָס זי מוז דעם גאַנצן טאָג פירן מיט זיך אַליין, כדי זיך נישט אונטערצוגעבן און נישט אויפעסן דאָס פּאַר פּערעלען אָוועקגע־לייגטע שטיקל ברויט.

כמעט יעדן פאַרנאַכט פלעגט זיך דאָס זעלבע איבערחזרן. פּע־רעלע עסט שנעל און גיריק און קומט צו זיך ערשט נאָכן אראָפּ־

שלינגען דעם לעצטן ביסן. אָבער דער הונגער איז נאָך נישט געשטילט, ער מאָנט ווייטער. און פערעלע קוקט אומבאַהאָלפן אויף אירע לידיקע הענטלעך. אירע אויגן האָבן דעמלט אַן אויסדרוק פון קינדערישער פאַרוווּנדערונג; ווי זי וואָלט זיך געוווּנדערט — ווו איז דאָס ברויט אַהינגעקומען?

איצט איז פאַרנאַכט. די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. אינעם קליינעם פוסטן שטיבל ווערט וואָס אַמאָל טונקעלער, חושכדיקער. פערעלע זיצט אויפן געלעגער איינגעהויקערט, דאָס „אַלטע" פנימל אָנגעשפּאַרט אויף די קניען. אירע אויסגעטרוקנטע, ביינערדיקע הענטלעך האַלטן אַרומגענומען די לייכט פאַרשוואָלענע פיסלעך, און אירע גרויסע, געטאָ־הונגעריקע אויגן קוקן שטאַר פאַר זיך אויף דער פאַרמאַכטער טיר. אויסערלעך זעט זי אויס צו זיין אינגאַנצן רואיק, אָבער איר גאַנץ וועזן, אַלע אירע גלידער שרייען מיט אַ שטום, ווייטיקדיק געשריי: ברויט!

אינדרויסן איז שוין אינגאַנצן פינצטער. פערעלע ווערט אומרואיק. מיט אויפגעשפּיצטע אויערן האָרכט זי זיך צו צו די קלאַנגען פון דרויסן. יעדע ווייל דאַכט זיך איר, אַז די מאַמע גייט. זי באַרואיקט זיך אָבער באַלד: ס'האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז די מאַמע איז שפּעט אַהיימגעקומען. און וואַרטנדיק געדולדיק, איז זי פון שוואַכקייט איינגעשלאָפן.

שפּעט אין דער נאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט. פון דער הערשנדיקער שטילקייט אַרום האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ס'איז שוין זייער שפּעט.

— מאַמעשי! מאַמעשי! — האָט זי שטיל גערופן, נישט צולאָזנדיק צו זיך דעם געדאַנק, אַז די מאַמע איז נישט אַהיימגעקומען.

קיינער ענטפערט נישט. אַ טויטע שטילקייט. פּלוצעם האָט זי אויפגעשוידערט פונעם שרעקלעכן געדאַנק, וועלכער איז ווי אַ פייל דורכגעלאָפן דורך איר מוח.

אַ ציטערדיקע אינגאַנצן, איז פערעלע אַרויסגעלאָפן פון שטוב. ביים טויער איז זי געבליבן שטיין און פון פאַרצווייפלונג און אומבאַהאָלפנקייט אָנגעהויבן צו וויינען: דאָס טויער איז געווען פאַרשלאָסן. זי האָט געוווּסט, אַז ווען זי זאָל אַפילו ווי הויך שרייען און וויינען, וועט זי דער הויז־וועכטער נישט אַרויסלאָזן. ציטערנדיק פון קעלט און שרעק, איז זי שוין געשטאַנען ביים פאַרשלאָסענעם טויער ביז אינדערפרי.

* * *

— אָ, דו ביסט שוין געזונט, פּערעלע? — איז דער הויז־וועכ־טער, גענעצנדיק, ארויסגעקומען: ווו ווילסטו גיין אַזוי פרי?

— די מאַמעשי איז נעכטן נישט אַהיימגעקומען, — האָט פּערעלע שטיל געענטפערט, האַלטנדיק זיך קוים אויף די פיס.

דער הויז־וועכטער האָט אויפגעהערט צו גענעצן. ער האָט זיי־טיק אַ קוק געטון אויף איר און שנעל אויפגעמאַכט דאָס טויער.

די ערשטע זאַך, אויף וועלכער פּערעלעס אויגן האָבן זיך פאַרהאַלטן, איז געווען אַ פּאָר באָרוועסע, פאַרמעט־געלע פיס פון אַ האַלב־נאַקעטן מת, וועלכער איז מיט צעוואָרפענע הענט און פיס געלעגן אין מיטן גאַס, און פון וועלכן די נאַכט־היענעס האָבן שוין צייט געהאַט אַראָפּצוציען דאָס אָנטועכץ. פּערעלע האָט דער־פילט ווי אינעווייניק, אין איר קליינעם ברוסטל, האָט עפּעס אַ זעץ געטון, און ס'האָט איר פאַרפעלט אָטעם. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, כדי נישט אומצופאַלן.

ווען זי איז אַביסל געקומען צו זיך, האָט זי ערשט דערזען, אַז דער מת אין מיטן גאַס איז אַ מאַנספּאַרשוין.

זי איז אַ לאַנגע צייט געלאָפן פון איין גאַס אין דער אַנדערער און מיט אַן אָפּשטאַרבנדיק האַרץ באַטראַכט יעדן אָנגעטראָפענעם מת. ערשט אַרום עלף אַזייגער, ווען די היץ האָט אָנגעהויבן צו ווערן אומדערטרעגלעך, און פּערעלע האָט שוין קוים געקאָנט רירן מיט די פיסלעך, האָט זי איר מאַמען געפונען.

זי איז געלעגן אין אַ זייטיקן, קליין געסל. די שיך האָט מען איר שוין געהאַט אַראָפּגעצויגן. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן איר טאָרבע און אין דער צווייטער, פעסט צונויפגעדריקטער, אַ שטיקל ברויט.

פּערעלע איז באַמעלעך צוגעגאַנגען, אַנידערגעזעצט זיך אויף דער ערד און שעפּטשענדיק שטיל „מאַמעשי, מאַמעשי“, אָנגע־הויבן צו וויינען. ווען זי האָט זיך שוין געהאַט גוט אָנגעוויינט, איז זי געבליבן שטיל זיצן און מיט טרוקענע אויגן געקוקט אויף דער מאַמעס בלויע, געשוואָלענע פיס. זי האָט זיך אויפגעהויבן און אַראָפּציענדיק דאָס קלייד, איר צוגעדעקט די פיס. פּלוצעם האָט זי באַמערקט דאָס שטיקל ברויט אין דער מאַמעס האַנט. אינעווייניק אין די געדערעם האָט עפּעס אָנגעהויבן צו רייסן, ווי מיט צוואַנגען. זי האָט דערפילט אַ נודנעקייט, ווי צום ברעכן. די פיס האָבן זיך

איר אָנגעהויבן צו טרייסלען. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און מיט גיריק־גלאַנצנדיקע אויגן איינגעקוקט זיך אינעם שטיקל ברויט. זי האָט אויסגעשטרעקט אַ צעטרייסלטע האַנט, אָבער זי האָט זי, פאַרקוועטשענדיק די ציין, באַלד צוריקגעצויגן און באַהאַלטן הינטער זיך. זי האָט געשלונגען דאָס שפּייעכץ און די אויגן נישט געקאָנט אָוועקרייסן פונעם ברויט.

אַ פראָסטער געוויינלעכער וואָגן האָט זיך האַרט לעבן פּערע־לען אָפּגעשטעלט. פּערעלע האָט ערשט דעמלט באַמערקט דעם וואָגן, ווען די קברנים האָבן אָנגענומען איר מוטער — איינער פאַר די פיס, דער צווייטער פאַרן קאָפּ און זי אַרויפגעלייגט אויף אַ הויפן מתים אויפן וואָגן.

פּערעלע האָט מיט אַ פאַרטרוקנטער קעל, וויינענדיק אָן טרערן, אָנגעהויבן נאָכצולויפן.

דער וואָגן האָט זיך געטרייסלט, און די מתים האָבן יעדע וויילע געענדערט זייער פּאָזיציע. דאָ האָט זיך געזען אַן אויסגעשטרעקטער, געל־בלויער געשוואָלענער פוס און דאָ אַ צום הימל אויסגעשטרעק־טע, דראָענדיקע האַנט.

פּערעלע האָט, נאָכלויפנדיק, געקוקט אויף איר מאַמעס פאַר־דריקטער האַנט מיטן שטיקל ברויט, וואָס האָט אַראָפּגעהאָנגען פו־נעם וואָגן און זיך געוויגט אַהער און אַהין..

דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער גענשע ביים פאַר־מאַכטן געטאָ־טויער צום בית־עולם. די דייטשן ביים טויער האָבן אַ ווייל מיט צעשמייכלטע פּנימער באַטראַכט דעם וואָגן מיט די מתים און אויפגעעפנט דאָס טויער.

פּערעלע איז נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן אַרויס צום בית־עולם. פּלוצעם האָט זי דערהערט אַ ווילדן געשריי. און גלייכצייטיק האָט אַ געוואַלטיקע קראַפט זי אַ שלײדער געטון צוריק. זי האָט אַ פלי געטון און מיטן גאַנצן קערפּערל אַ זעץ געטון אין די שטיינער אויף דער גאַס. זי האָט דערפילט ווי עפּעס אַ קלעפּיקע פליסיקייט רינט איר איבערן פּנים און פאַרגיסט איר די אויגן. ווי פון זייער ווייט האָט זי געזען ווי דאָס געטאָ־טויער מאַכט זיך פאַמעלעך צו, ס'ווערט וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער, ס'פאַרשטעלט שוין די גאַנצע זון, און ס'ווערט פינצטער.

# דער כאַפּער

שוין פון נעכטן אָן איז הערשלס מאַמע געלעגן צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע מתים אונטן אין טויער אויפן „פּונקט“,*) צוגעדעקט מיט אַ טונקעלער שמוציקער שמאַטע. די אַנדערע מתים זיינען שוין געלעגן דעם דריטן טאָג. הערשל האָט נעכטן פאַרנאַכט אויפגעהערט צו וויינען. ער איז געזעסן אויף דער ערד דערלעבן, די הענט אַרומגענומען אַרום די קני, און מיט שטאַרע אויגן געקוקט אויף דער מאַמעס באָרוועסע, פאַרמעט־געלע פיס.

פאַרן טויער האָט זיך אָפּגעשטעלט די עגלה. די קברנים האָבן די מתים אַריינגעלייגט צו צוויי אין די קאַסטנס, וואָס זיינען געווען צונויפגעקלאַפּט פון הילצערנע נישט־געהובלעווטע ברעטער, און אַרויסגעטראָגן זיי אין דרויסן. הערשל האָט זיך צוגעקוקט מיט אַן אינערלעכער פאַרשטאַרטקייט און זיי נאָכגעגאַנגען. ער האָט געחאָלט באַגלייטן זיין מאַמען אַרויס אויפן בית־עולם, אָבער די קברנים זיינען אַרויפגעשפרונגען אויף דער עגלה און זיך אַוועקגעפאָרן. שטאַרנדיק שטייף די געשוואָלענע פיס איבער דער קויטיקער בלאָטע, האָט הערשל אָנגעהויבן נאָכצולויפן. די עגלה איז צריין אין אַ קוואַר־גאַס. הערשל איז צוגעלאָפן צו דעם עק גאַס און מיט אַ פאַרוואונדערטער, קינדערישער אומבאַהאָלפנקייט געבליבן שטיין. ער האָט געקוקט און געקוקט, און די עגלה איז ערגעץ נישט געזען. ער האָט אָנגעהויבן צו גיין פאָרויס פאַר זיך.

ס'איז געווען אַ קאַלטער, שפּעט־האַרבסטיקער פרימאָרגן.

---

*) „פּונקטן“ האָבן זיך אין געטאָ גערופן די הייזער, אין וועלכע ס'איז געווען צונויפגעזאַמלט די אָרעמקייט פון די קליינע שטעטלעך פון אַרום.

פונעם נידעריקן, פאַרוואָלקנטן הימל איז געפאַלן אַ נאַסער, שיימערער שניי. ווי נאָר ער איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, האָט ער גלייך גענומען צעגיין און זיך אויסגעמישט מיט דער בלאָטע.

הערשל האָט שווער, כאָרכלענדיק, געאָטעמט. זיינע שווערע, געשוואָלענע פיס, ווי די קלעצער, זיינען געזונקען אין דער ווייכער בלאָטע. ער האָט זיך ביי יעדן טריט געמאַטערט, מיט לויפנדיקע אויגן געזוכט אַ טרוקן אָרט. און, זיך וואַקלענדיק, ווידער אַריין אין אַ בלאָטע. ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט לעבן אַ טויער, אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, אָפּצורוען אַ ביסל. פּלוצעם האָט ער אין אַ פענצטער פון אַ געוועלבל דערזען אַ שוואַרץ ברייטל. ביי אים אין מאָגן האָט עפּעס אַ שפּרונג געטון און אָנגעהויבן צו רייסן שטיקער. ס'האָט אים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן. די גאַנצע גאַס האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען. ער האָט זיך מיט אַלע כוחות אָנגעהאַלטן אין דער וואַנט, כדי נישט אומצופאַלן. דאָס רייסן און די געדערעם איז אויך אַזוי פּלוצעם, ווי ס'איז באַפאַלן — אַוועק. ער איז אַ ביסל געקומען צו זיך און צוגעגאַנגען נענטער צום געוועלבל. דאָס ברויט האָט געצויגן, ווי אַ מאַגנעט. ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין צעהיצטן קאָפּ אין דער קאַלטער שויב און געשלונגען דאָס ברויט מיט די אויגן. אַ קליין יידל מיט אַ צעפּאַטלט פאַרמעלט בערדל איז אַרויסגעקומען פון געוועלבל:

— דו, בחור, גיי דיר געזונטערהייט! — האָט ער אים מיט צעשפּרייטע הענט אַוועקגעיאָגט.

הערשל האָט זיך דערשראָקן און זיך צוריקגעצויגן. ער האָט ווייטער אָנגעהויבן צו גיין. ער האָט זיך געפּרוווט דערמאָנען ווילאַנג ער האָט שוין נישט געהאַט אין זיין מויל: „געכטן אינדערפרי איז די מאַמע געשטאָרבן.... אייערנעכטן, בין איך אַרומגעלאָפן נאָך אַ ביסל עסן פאַר דער מאַמען... און פאַר אייערנעכטן...“

אין קאָפּ האָט געראַוישט, געקלאַפּט. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, ווהין ער האָט געוואָלט גיין. ער איז געזונקען אין פיבערדיקער היץ. אין קראַנקן חלום האָט ער דערזען אַ שוואַרץ, געשמאַק שטיק ברויט. ער האָט פאַמעלעך — אַ שטיקל נאָך אַ שטיקל — געריסן פונעם ברויט און געגעסן. די גאַס האָט געווימלט פון מענטשן, ער האָט קיינעם נישט געזען. יעדע ווײַלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געשלונגען דאָס שפּייעכץ, ווייטער אָנגעהויבן צו גיין און צו רייסן שטיקלעך פונעם אויסגעחלומטן ברויט. ער האָט אויף

אַ ווייל אויפגעוואַכט און זיך אַרומגעקוקט: „וווּהין האָב איך דאָס געוואָלט גיין?..."

ער האָט דערזען אַ קליין מיידעלע מיט אַ צוקערל אין האַנט. דאָס מיידעלע האָט אַריינגענומען דאָס צוקערל אין מויל און גיך גיך עס צעביסן מיט די קליינע ציינדעלעך. הערשלען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט אויך אַ צוקערל אין מויל. ער האָט עס געהאַלטן פּאָרזיכטיק אויף דער צונג, גישט אָנצורירן עס מיט די ציין און פּאַמעלעך, לאַנגזאַם געצויגן. אָפּנאַרן דעם הונגער מיט אַ צוקערל — אָ, דאָס קאָן ער, הערשל. ער קאָן איין צוקערל האַלטן אין מויל שעהן לאַנג, ציען און ציען, אַפילו אַ גאַנצן טאָג...

ס'האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו שנייען. אַ ווינט האָט זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן און געשמיסן מיט דעם נאַסן שניי גלייך אין פּנים אַריין. הערשל איז אַריינגעגאַנגען אין אַ טויער איבערצוואַרטן אַביסל. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אין אַ ווינקל אויף דער ערד, פאַרלייגט די הענט אין די אַרבל און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט אָנגעהויבן צו דרימלען. אין דרימל איז אויפגעגאַנגען אַ וואַרעמער, זומערדיקער טאָג. איבערן לויטערן, בלויען הימל שיינט די זון. אויף אַ גרויסן פרייען פּלאַץ שפּילט ער זיך מיט יינגלעך. מיט פרייעלעכע געלעכטערן יאָגן זיי זיך איבערן פּלאַץ און באָדן זיך אין דער זוניקער וואַרעמקייט. פון ערגעץ קומט אָן זיין מאַמע. זי קוקט אויף אים טרויעריק מיט אירע גוטע אויגן און שטרעקט אויס צו אים אַ האַנט. הערשל דערזעט אין איר אויסגעשטרעקטער האַנט א ווייס זעמל. ער וויל נעמען דאָס זעמל, אָבער פּלוצעם שפּרינגט עמעץ אונטער פון דער זייט און כאַפּט עס אַרויס פון דער מאַמעס האַנט. הערשל גיט אַ געשריי און... כאַפּט זיך אויף.

ער האָט זיך אַ ווייל מיט צעמישטע אויגן אומגעקוקט און אויפגעשטאַנען. אין גאַס האָט שוין נישט געשנייט. דער ווייטיק אין מאָגן האָט ווידער אָנגעהויבן צו צופּן, צו רייסן שטיקער. אין קאָפּ האָט אָן אויפהער געררויש און געקלאַפּט. אַלץ אין אים האָט מיט אַ שטום, וווּטיקדיק געשריי געשריגן: עסן!... עסן!... צעדריקנדיק מיט די הענט דעם איינגעפאַלענעם בויך, האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו שאַרן די פיס איבער דער בלאָטע. אין עק גאַס האָט ער זיך פאַרהאַלטן. אַ הויך, אויסגעצויגן דאַר יינגל, הויט און ביין, אָנגעטאָן אין אַ צעריסענעם זאַק, דורך וועלכן ס'האָט זיך אַרויסגעזען דאָס נאַקעטע לייב, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט

מיטביידע הענט אויף אַ שטעקן און מיט אַ שוואַך יאָמערדיק קול, געבעטן:

— ליבע ייִדן!... האָט רחמנות!... גיט מיר א שטיקעלע ברויט!... דאָס לעצטע מאָל... כ'וועל דאָך שוין סיי ווי נישט לאַנג לעבן!...

הערשל האָט מיט שרעק געקוקט אויף יענעמס שמאָל, אויס־געטריקנט פּנים, אויף די אומגעהויערע גרויסע, טונקל־געלע, ווי ביי אַ מת, אַרויסשטייענדיקע ציין: „ער וועט שוין טאַקע נישט לאַנג לעבן...“ — האָט הערשל טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. פּלוצעם האָט ער דערזען יענעמס נאַקעטע, בלויליך־געשוואָלענע פּיס. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע אייגענע און געבליבן שטיין מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף יענעמס פּיס און פּאַמעלעך אַוועקגענומען אין אַ זייט. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אָנגעהויבן גרינגלעך, כלומרשט קאַלט, אָבער מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ צו באַטראַכטן זיינע אייגענע פּיס. ער איז צוריק צוגעגאַנגען נאָענט נאָך צו יענעם: די זעלבע!

דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן צו קלאַפּן ווי מיט האַמערס: „און ווי זעט אויס מיין פּנים!?“ — איז ער מיט אַן אויפוואַכנדי־קער האַפּענונג אין האַרץ צו צו אַ פענצטער פון אַ געוועלבל. אָבער די שויב איז געווען שמוציק און פאַרצויגן מיט דאַמף. ער איז צו צו אַ צווייט פענצטער — אויך דאָס זעלבע. ער האָט אָנ־געהויבן צו לויפן פון איין פענצטער צום אַנדערן. ער איז געבליבן שטיין און מיט ווילדע אויגן אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן. ער האָט, שאַרנדיק שווער מיט די פּיס און שפּריצנדיק מיט בלאָטע, אָנגעהויבן צו לויפן אַראָפּ מיט דער גאַס. ער איז אומגעפאַלן, שווער, מיט מי זיך אויפגעהויבן פון דער בלאָטע און ווייטער גע־לאָפן. ער האָט קיינעם נישט געזען, געלאָפן גלייך אויף מענטשן. מענטשן האָבן מיט שרעק אים אָפּגעטרעטן דעם וועג און פאַר־וואונדערט אים נאָכגעקוקט. ער האָט פונדערווייטנס דערזען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט, און פרייער אָפּגעאָטעמט.

אין דעם טויער פון אַ האַלב־חרוב הויז האָט זיך נאָך גע־האַלטן אַן איבערגעבליבן שטיק פון אַן אַמאָליקן רעקלאַמע־שפּיגל. הערשל איז אָן אָטעם צוגעשפּרונגען. ער האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און זיך אומגעקוקט. ער האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן און ווידער זיך אומגעקוקט. ניין, קיינער שטייט נישט הינטער אים:

„מאַמע, דאָס בין איך?!...". ער איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפֿן מויל, און מיט וואַקסנדיקער שרעק געקוקט אויף זיין אַש-קאָליריק, איינגעפֿאַלן פּנים, אויף זיינע אום-אַטירלעך גרויסע, אונטערגעהאַקטע אויגן. ער האָט דערזען זיינע ריזיקע, אַרויסשטייענדיקע פּער-דישע געלע ציין: „מאַמע! וועל איך דאָך אוודאי שוין לאַנג נישט לעבן!..." ער האָט זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. ער איז אָבער באַלד צוריק אויפֿגעשפּאַנט: „ניין, איך וויל לעבן!... איך וויל לעבן!...".

ער האָט אינגאַנצן געציטערט. זיין ברוסט האָט זיך גיך און הויך געהויבן. די לופֿט איז מיט אַ פּייף אַרויס פֿון זיין פֿאַרדריינג-טער קעל. ער האָט אָנגעהויבן צו שאַרן מיט די פֿיס, געוומען לויפֿן. מיט ווילד-צעעפֿנטע אויגן געקוקט אין אַלע זייטן: „איך וויל נישט שטאַרבן!... איך וויל נאָך לעבן!..." און פּלוצעם זיינען זיינע אויגן געבליבן אומבאַוועגלעך. ער האָט דערזען נאָענט פֿון זיך ברויט. צעשניטן ברויט. דאָס ברויט האָט געשטראַלט, ווי אַ העלע, ליכטיקע זון. ס'איז געוואַקסן און געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער... ער האָט אַ שפּרונג געטאָן, צוגעלאָפֿן, אַ כאַפּ געטאָן און צוריק אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט: ברויט! ברויט!... מיט צעטרייסלטע הענט האָט ער געשטופּט דאָס ברויט אין זיין צעעפֿנט מויל אַריין.

— ברויט... ברויט... אַ-אַ-אַ...

ס'איז געוואָרן אַ געוואַלט, אַ טומל. מענטשן האָבן אָנגע-הויבן לויפֿן פֿון אַלע זייטן. אַן אָרעמע פֿרוי האָט זיך געריסן די האָר, געיאָמערט:

— געוואַלד! יידן! וואָס וועל איך געבן צו עסן מיין קינד?!

מענטשן זיינען צוגעשפּרונגען און... געבליבן שטיין מיט אַראָפּ-געלאָזטע קעפּ.

הערשל איז מיט צעוואָרפֿענע הענט און פֿיס געלעגן אויף דער ערד. אין זיין צעעפֿנט מויל האָט געשטעקט אַן אָפּגעביסן שטיקל ברויט. זיינע פֿיס האָבן ניך, ניך געצוקט. לעבן זיין רעכטער האַנט איז אין דער בלאָטע געלעגן אַ האַלב, שוואַרץ ברייטל.

# דער וועג פון פּיין

1

דעם ערשטן טאָג שבועות, נאָך האַלבער נאַכט, האָבן די הינט אין שטעטל זיך פּלוצעם צעבילט. די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע און אויסגעשטערנטע. די לופט, אַן אומבאַוועגלעכע, האָט געשמעקט מיט פייכטקייט און צעבליטע ביימער. דאָס בילעריי איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער, ווילדער, ביז ס'איז איבערגעגאַנגען אין אַן אימהדיק געוואָי.

צווישן די אויפגעוואַכטע יידן איז געוואָרן אַ מהומה. אַלע זיינען מיט קלאַפּנדיקע הערצער אַראָפּ פון די בעטן, שנעל, ווי בעת אַ שׂרפה, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך עפּעס אַ מלבוש, אַרויס אינדרויסן און אויף די שוועלן פון די הייזלעך זיך דערוווּסט, אַז אַ גרעסערע צאָל דייטשן איז אָנגעקומען אין שטעטל אַריין.

ס'האָט זיך שוין קיינער נישט געלייגט צוריק שלאָפן. הינטער די נידעריקע, איינגעהויקערטע הייזלעך, הינטער פּלויטן האָבן זיך געשלייכט איבערגעשראָקענע יידן, פאָרזיכטיק געשטעלט די באָרוועסע פיס און יעדע ווייל, דערהערנדיק עפּעס אַ שאָרך, געבליבן ווי צוגעשמידט צו דער ערד. זיי האָבן זיך געזאַמלט אין קליינע גרופּקעלעך און, פול שרעק, מיט אַ שטילן געפּליסטער זיך איבערגעגעבן ידיעות.

פאַרטאָג, ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו גרויען, זיינען די יידישע מיליציאַנטן אַרומגעלאָפן איבער די געסלעך און צו וויסן געגעבן, אַז אַלע יידן ווערן אויסגעזידלט קיין וואַרשע. און אַז אַלע, אָן אויסנאַם: קראַנקע, אַלטע לייט און זויגנדיקע קינדער מוזן זיך אין פאַרלויף פון אַ שעה צונויפזאַמלען אויפן מאַרק. און באַלד איז די באַני-

נענדיקע שטילקייט אָנגעפילט געוואָרן מיט אַן אומגליקלעך געוויין, מיט א רעשעדיקן אומבאהאָלפענעם פאַרפאַקן דאָס האָב און גוטס. פון אַלע קרומע געסלעך האָבן יידן מיט פעקלעך אויף די פּלייצעס, מיט שטילע זיפצן, שטומע תפילות און ווייבעריש געוויין אָנגעהויבן שפּאַנען צום מאַרק.

ס'איז געווען טונקל. לעבן די הייזלעך אויף דער מערבדיקער זייט זיינען נאָך געלעגן די ביינאַכטיקע שאָטנס. פונעם בלייך-ווערנדיקן הימל האָבן נאָך ווי-נישט-ווי אַראָפּגעוווּנקען בלאַסע שטערן. אַ באַגינענדיק ליכט ווינטל האָט לייכט געבלאָזן און קוים, קוים געשאָקלט מיט די גרינע קעפּלעך פון די יונגע ביימלעך.

די יידן זיינען געשטאַנען אין מיטן פוסטן מאַרק אַ לאַנגע צייט, עלנטע, פאַראייניזאַמטע, מורא געהאַט ארויסצורעדן אַ וואָרט, און זייערע הערצער האָבן געפלאַטערט פון שרעק פאַר דעם אומבאַוווּסטן.

פונדערווייטנס, אין די עקן פון די געסלעך ארום מאַרק, האָבן זיך שטילערהייט געזאַמלט פּוילישע איינוווינער. זיי האָבן געקוקט אויף די יידן, געשאָקלט מיט די קעפּ, זיך געצלמט און שטיל מיט געדעמפטע שטימען געשמועסט צווישן זיך..

ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג, ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ מחנה דייטשן און אוקראַינער פאַשיסטן מיט אויטאָמאַטן. זיי זיינען אָנגעקומען פון אַ זייטיק געסל, קלאַפּנדיק ריטמיש מיט די באַנאָגלטע שטיוול אין די שטיינער פון ברוק. פון פאָרנט האָבן געשפּרייזט די דייטשן מיט טיף אויף די שטערן אַרופגערוקטע העלמען. די פּוילישע איינוווינער זיינען מיט שרעק, אויף די שפּיץ פינגער, זיך צעלאָפן. די צונויפגעטריבענע יידן האָבן פאַרהאַלטן דעם אָטעם. זיי האָבן זיך ענגער צונויפגעדרענגט, ווי זיי וואָלטן אין דער נאָענטקייט, אין דער באַרירונג פון איינעם מיטן אַנדערן געזוכט אַ שוץ אַנטקעגן דעם אָנקומענדיקן אומגליק.

ס'האָט געהערשט אַ שטילקייט, ווי ביינאַכט אויף אַ בית-עולם. די באַנאָגלטע שטיוול פון די דייטשן און אוקראַינער האָבן אין דער טויטער שטילקייט ארויסגעגעבן אַזאַ אומהיימלעכן קלאַנג, ווי זיי וואָלטן די גאַנצע וועלט — וועלכע זיי האָבן ערשט נישט לאַנג, מיט אַ ווייל פריער אַריינגעלייגט אין אַ קאַסטן — פאַרקלאַפּט מיט נעגל, פעסט, אויף תמיד. מיט נאַווהדיק אָנגעדראָלטע פּנימער זיינען זיי צוגעקומען נענטער און געבליבן שטיין.

זיי האָבן זיך אויסגעצויגן אויף אַכטונג. ס׳איז אָנגעקומען אַ הויכער, שלאַנקער עס־עס־אָפיציר מיט אַ מאָגער, לענגלעכער פּנים אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע עס־עס־מענער. ער איז געבליבן שטיין צווישן די דייטשן און די יידן און, שפּילנדיק זיך מיט דער לעדער־בייטש, האָט ער פון הינטערן מאַנאַקל מיט אַן אומבאַוועג־לעך, ברייט־צעעפנט, אייז־קאַלט אויג באַטראַכט די צונויפגעקלי־בענע יידן.

— יודען־עלטסטער! — האָט ער פּלוצעם אַ געשריי געטאָן.

דאָס צווייטע אויג, דאָס אָן דעם מאָנאָקל, איז אומגעדולדיק געלאָפן אַהין און צוריק איבער די יידן, זוכנדיק דעם ארויסגערו־פענעם.

צווישן די יידן איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג. אַ דיקלעכער, עטלעכע־און־דרייסיקיעריקער ייד מיט אַ ברייט, בלייך פּנים איז געבליבן שטיין פאַרן אָפיציר.

— ווו האָסטו אַלע יידן? — האָט אים דער אָפיציר מיט אַ רואיק, כלומרשט גלייכגילטיק קול געפרעגט.

דער יודען־עלטסטער האָט דערשראָקן אַ דריי אויס געטאָן דעם קאָפּ, און זיין בלייך פּנים האָט באַקומען אַ אַש־קאָליר: כמעט אַ דריטל פון די שטעטלדיקע יידן זיינען אויפן פּלאַץ נישט געווען.

— ווו האָסטו אַלע יידן? — האָט דער אָפיציר נאָך אַמאָל געפרעגט און געמאַכט אַ טריט נענטער צו אים.

דער אָפיציר האָט אָנגעהויבן בייסן זיין דיקע אונטערשטע ליפּ. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער אַראָפּגענומען דעם מאָ־נאָקל פון אויג.

— מען האָט דיר נעכטן געגעבן צו וויסן, — האָט ער ווייטער גערעדט כלומרשט רואיק: אַז די יידן ווערן היינט אויסגעזידלט... ענטפער, דו הונט! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, רויט ווערנדיק פון רציחה, און אים דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער לעדער־בייטש אי־בערן קאָפּ: יאָ, צי ניין?

— יאָ — האָט דער יודען־עלטסטער מיט ווייסע ציטערנדיקע ליפּן געענטפערט.

— און ווו האָסטו די איבעריקע יידן?

דער יודען־עלטסטער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ער האָט שווער געאָטעמט און גאָרנישט געענטפערט. פון הינטער זיין היטל, לעבן רעכטן אויער, האָט זיך באַוויזן אַ דין שנירל בלוט און פּאַמעלעך זיך אַראָפּגעלאָזט.

דער אָפּיציר האָט זיך באַרואיקט. ער האָט דעם מאַנאַקל צוריק אַריינגעשטעלט אין אויג, זיך אויסגעגלייכט און, מאַכנדיק א לייכטע באַוועגונג מיטן קאָפּ, א וווּנק געטאָן צו די דייטשן.

— דערשיסן, — האָט ער אָן כעס, מיט אַ גלייכגילטיק קול אַ זאָג געטאָן.

צוויי דייטשן זיינען צוגעשפּרונגען און דעם יודן-עלטסטן, שטופּנדיק און שטויסנדיק אים מיט די אויטאָמאַטן, אַפּגעפירט אין אַ זייט. נאָך יעדן שטויס איז ער געבליבן שטיין מיט צעמישטע אויגן און זיך אַרומגעקוקט. ווען די דייטשן האָבן געצילט אין זיין ברוסט, האָט ער זיי אָנגעקוקט מיט אַזעלכע פאַרווּנדערטע אויגן, אויף זיין פּנים איז געווען אַזאַ אויסדרוק פון דערשטוינונג, ווי ער וואָלט זיך געוווּנדערט אויף זייער אכזריותדיקן שפּאס לגבי אים.

זיי האָבן אויסגעשאָסן.

ווען זיינע פיס האָבן אויפגעהערט צו ציטערן, און ער איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך, האָט דער אָפּיציר אָפּגעווענדעט זיין בליק און מיט זיין באַטאַנאַקלטן אייז-קאַלטן אויג א ווײַלע באַטראַכט די יידן.

באַמערקנדיק זייער פאַרשטיינערטע שטילקייט און די שרעק אויף זייערע פּנימער און אין זייערע אויגן, זיינען די טיפע קנייטשן אַרום זיין מויל נאָך טיפער געוואָרן, און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער, קוים באַמערקבאַרער צופרידענער שמייכל.

אויף זיין קורצן אָפּגעהאַקטן באַפעל האָבן זיך די דייטשן צונויפגעזאַמלט אַרום אים. עטלעכע זיינען באַלד אַוועקגעלאָפן אין נאַס אַריין, צו דער געמיינדע. דער אָפּיציר מיט די איבעריקע האָבן אַוועקגעשפּאַנט אַראָפּ צו די געסלעך.

אין מאַרק איז צוזאַמען מיט די אוקראַינער פּאָשיסטן איבערגעבליבן בלויז איין דיקער עס-עס-מאַן, איינער פון דעם אָפּיצירס באַגלייטער.

די זון איז שוין געהאַט אויסגעגאַנגען. פון דורכזיכטיקן בלויען הימל איז פאַרשוווּנדן די בלאַס-געוואָרענע רויטקייט. ס'האָט זיך געשטעלט א פרי-זומערדיקער הייסער טאָג. די יידן זיינען געשטאַנען שטיל, אומבאַוועגלעך, נישט געקאָנט אָוועקרייסן זייערע אויגן פון דעם דערשאָסענעם יודן-עלטסטן. פון צייט צו צייט האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקט געוויין פון אַ קליין קינד. אַן אַלטער ייד מיט אַ גרייז-גרויער באָרד האָט זיך געפּרוווט אַנידערזעצן אויף דער ערד. אַן אוקראַינער איז צוגעשפּרונגען און מיט זיין באַנאָגלטן שטיוול

אים געצוווּנגען צוריק אויפצושטיין. אַ פּויער איז, דרעמלענדיק אויף זיין פור, אַנגעקומען אין מארק אריין. ער האָט אין עפּן געטאָן די אויגן, געבליבן א ווייל זיצן מיט אן אָפן מויל, אויפגעשפּרונגען, שנעל אויסגעדרייט דעם וואָגן און, שמייסנדיק די פערד, געשווינד, מיט אַ טראַסקעריי אַנטלאָפן. דאָס אַנטלויפנדיקע טראַסקעריי האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם הילכיקן, שפּאָטישן געלעכטער פון די אוקראַינער פּאַשיסטן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ טופּעריי פון לויפנדיקע פערד, עס האָבן זיך באַוויזן פינף רייטנדיקע דייטשן. זיי זיינען צוגעריטן צו די יידן און זיך פּאַרהאַלטן. צווישן זיי איז אויף א קרעפּטיק, גראָב־פיסיק פערד געזעסן אַ פעלדפעבל, אַ נידעריק דייטשל מיט א פאַרגרינגט הינטיש ־ שפּיציק פּנימל און מיט פּאַרזעצטע משונה־גלאַנצנדיקע אויגן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט אויפן פערד און, אַרויפציענדיק אויף זיין פּנימל אַ גאָר־וויכטיקן אויסדרוק, באַטראַכט אַ ווײַלע די יידן.

—יודען! — האָט ער אויסגערופן, טייטלענדיק מיט דער לעדער־בייטש אויפן דערשראָקענעם יודען־עלטסטן — אויב ס'וועט נאָר איינער פּרוּוון אויפן וועג צו אנטלויפן, וועט איר אלע דערשאָסן ווערן, אָט ווי דער הונט!

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן עס־עס־מאַן. יענער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— פאָרווערטס, מארש־ש! — האָט ער א געשריי געטאָן און געריררט פון אָרט. די יידן האָבן מיט אַ שטילן געיאָמער זיך אַראָפּגעבויגן און גענומען זייערע פּעקלעך אין די הענט אַריין.

פּלוצעם זיינען די אוקראַינער פּאַשיסטן, ווי ווילדע צערייצטע חיות, אריין צווישן די יידן. ס'איז אויסגעבראָכן א מהומה, א געוואַלד. אַלץ האָט ווי משוגע, אָנגעהויבן לויפן אין אַלע זייטן. מענטשן זיינען געפאַלן, איינער האָט געטרעטן איבער אנדערן. די פּאַשיסטן האָבן געזעצט מיט די קאָלבעס פון די אויטאָמאַטן און געשריגן.

— סקאָרעי, זשידי, סקאָרעי!...

דער דיקער עס־עס־מאַן איז, ווי א ראַסאָוועער הונט אויף א געיעג, מיטגעריסן געוואָרן און מיט אַ פרייד, לוסטיק געלעכטער־געשמיסן מיט דער לעדער־בייטש די פּאַרביילויפנדיקע יידן.

דער מארק איז געוואָרן אָפּגעליידיקט, פּוסט, פאַרזייט מיט אַן א שיעור אַוועקגעוואָרפענע פּעקלעך, צווישן וועלכע עס איז געשטאַ־

נען דער דיקער עס־עס־מאַן און זיך געקאָלערט פון געלעכטער. ער איז געשטאַנען אויף ברייט־צעשטעלטע פיס, די הענט אויף די היפטן, און זיין גאַנצער דיקער קערפער האָט זיך געטרייסלט. זיין אויסגעפּאַשעט, פעט פּנים מיט דעם דאָפּלטן אראָפּהענגענדיקן גוי־דער איז פון געלעכטער אַזש געוואָרן פּורפּור־רויט. זיינע אַרויס־געגלאָצטע, מיט פעטס־פאַרגאָסענע אויגן זיינען צעשמאָלצן גע־וואָרן פון תענוג און אָנגעהויבן צו טרערן.

און מאַרק איז שוין לאַנג נישט געווען קיין לעבעדיקער נפש, און ער איז נאָך אלץ געשטאַנען און געהירזשעט מיט עפּעס אזא אומהיימלעך כריפּנדיק געלעכטער: כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ! — און צווישן איין „כאַ־כאַ־כאַ!“ און דעם צווייטן, האָט ער צו זיך אליין מיט אנטציקונג געשעפּטשעט:

— פּאַ־אַ־בלהאַפּט! פּאַ־אַ־אַבלהאַפּט!

2

הינטער דער שטאָט איז דער וועג געגאַנגען באַרג ארויף. די דייטשן האָבן געריטן פון פאָרנט, פּאַמעלעך, און זיך דערציילט לוסטיקע וויצן. יעדע וויילע האָבן זיי אויסגעשאָסן מיט א פריילעך געלעכטער. פון צייט צו צייט, צווישן איין וויץ און צווייטן, האָבן זיי אָנגעהויבן אביסל שנעלער צו רייטן. דער פעלדפעבעל האָט דעמאָלט באַוויזן זיין פאַרגרינגט פּנימל און, אָנשטרענגנדיק זיין קול, ווי גע־ווײנלעך אלע דייטשן, עס זאָל ארויסקומען דיקער און ענערגיש, האָט ער געברומט:

— שנעלער, יודען, שנעלער!

די אוקראַאינער פאַשיסטן, וועלכע זיינען געגאַנגען פון הינטן אין א האלב ־ קרייז ארום די יידן, זיינען יעדעס מאָל, דערהערנדיק דעם פעלדפעבלס ברומען, צוגעשפּרונגען מיט ווילדע געוואַלדן און אָנגעהויבן צו יאָגן, אונטערהעלפנדיק זיך מיט די אַווטאָמאַטן.

דבורה, אַ קרענקלעכע, פאַר דער צייט פאַרעלטערטע פרוי, האָט קוים געשלעפּט די פיס. זי איז געלעגן אָנגעלענט אינגאַנצן אויף איר טאָכטערס, חנהס, אָרעם. פון הינטערן טיכל האָבן זיך איר ארויסגערוקט גרויע פּאַסמעס האָר און זיך צוגעקלעבט צום שטערן. דאָס גאַנצע פּנים איז געווען נאַס פון שוויים.

חנה האָט אין איין האַנט געהאַלטן אַ קליין פּעקעלע, מיט דער צווייטער אונטערגעהאַלטן די מאַמע. זי האָט אינגאַנצן געציטערט

פון שרעק. אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן זיינען, ווי משוגע, געלאָפן אין אַלע זייטן. זי האָט זיך נאָר געריסן צו זיין אין דער מיט.

דבורה איז אָפּגעשטאַנען. חנה האָט זי נאָך פּעסטער אָנגענומען אונטערן אָרעם, כמעט געטראָגן:

— מאַמעשי, טייערע, האַלט דיך! מע טאָר נישט בלייבן הינטערשטעליק! — האָט זי מיט אַ הייזעריק פאַרשטיקט קול אַרויסגעבראָכן די ווערטער פון דער פאַרטריקנטער קעל.

— קינד מיינס, — האָט דבורה מיט אַ אָפּגעהאַקטן אָטעם געענטפערט: איך קאָן שוין נישט... לויף אַליין... ראַטעווע דו דיך!...

חנה האָט פאַרלאַנגזאַמט די טריט. זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען:

— איך וועל דאָ בלייבן מיט דיר...

— שוין... קום... קום... ס'איז מיר שוין בעסער... — האָט דבורה ווי באַקומען פּלוצעם פרישע כוחות און צוריק אָנגעהויבן צו לויפן.

דער וועג איז געווען אַ לאַנגער, אַן אומענדלעכער. די יידן זיינען, ווילנלאָזע, מיט אָפּגעטעמפּטע חושים געלאָפן, אַרומגעהילט מיט אַ דיקן, שטויביקן שלייער. זיי זיינען געלאָפן כמעט בלינדע. דער שווייס, אויסגעמישט מיט שטויב, האָט זיי גערונען איבערן פּנים, פאַרגאָסן די אויגן. נאָכן אָפּלויפן עטלעכע קילאָמעטער, האָבן די דייטשן זיי דערלויבט אַביסל זיך אָפּצורוען. די יידן זיינען אַרויף אויף אַ זאַמדיק אומפאַראַקערט פעלד. זיי זיינען צוגעפאַלן צו דער ערד, ווי געוואָלט זי קושן. זיי זיינען געלעגן אויסגעצויגן, שווער, מיט אָפענע מיילער געאָטעמט, שטיל געקרעכצט און נישט געפילט ווי טייכן־שווייס גיסן זיך איבער זייערע פּנימער.

די דייטשן זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד און זיי איבערגעגעבן די אוקראַינער פאַשיסטן. זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט די ביינער, די דייטשן, פאַררייכערט פּאַפּיראָסן און זיך אַנידערגעלייגט אויפן גראָז ביים וועג אין שאָטן פון אַ בוים.

ס'איז געווען אַרום עלף אַזייגער. די זון האָט געברענט. אַ היץ. קיין פּיצל ווינט. אַ שטילקייט... אויפן וועג האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיק באַשעפעניש. אַרום האָבן געגרינט פעלדער, גלייך מיטן וועג האָט זיך געשוואַרצט אַ וואַלד. לענגאויס דעם וועג האָט זיך געהערט אַ צווישערייַ פון פייגל. די דייטשן זיינען געלעגן אונטערן בוים און פויל, שלעפעריק געשמועסט.

חנה איז געזעסן אויף דער ערד לעבן איר מאַמען. האָט מיט

אַ טיכעלע געווישט דעם שווייס פון דער מאַמעס פּנים און היים, מיט אַ שטיל קול געדעדט.

— מאַמעשי, האַלט דיך! — האָט זי די מוטער צערטלעך אַרומגענומען: ס'וועט שוין לאַנג נישט דויערן. זיי טרייבן אונדז מיטן וועג קיין וואַרשע. אין וואַרשע וועלן מיר אַריין צום פעטער...

זי איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן און טיפער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ: זי האָט באַמערקט צוקומען די דייטשן. זיי האָבן עמעצן גערופן.

חנה האָט זייטיק, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן און דערזען לעבן זיי צירלען, שלמה קליינס יינגסטע, שיינע טאָכטער.

די דייטשן האָבן איר געהייסן אַראָפּנעמען דאָס טיכל פון קאָפּ — אירע טונקעלע האָר האָבן זיך, ווי אַ קרוין, צעשיט אַרום איר פּנים — און זי באַטראַכט פון אַלע זייטן. זיי האָבן זיך גראָב צעלאַכט און אָנגעהויבן אויסגעלאַסן זיך צו ווויצלען, דערזעענדיק די אויפלויפנדיקע רויטקייט אויף איר פּנים.

זיי האָבן אַרויסגערופן נאָך עטלעכע מיידלעך.

דערנאָך זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען אין אַ זייט און אַ לענגערע צייט שטיל, מיט פאַרענדערטע, נידעריקע שטימען, ווי ס'וואָלט זיי עפּעס געקרעלט אין האַלז, געשמועסט. דערביי האָבן זיי די גאַנצע צייט אַהינגעקוקט צו די מיידלעך.

שפּעטער ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט צום ווייטערדיקן וועג, זיינען די דייטשן, שוין זיצנדיק אויף די פערד, פאַמעלעך אַרומגע-ריטן אַרום די יידן און שאַרף, מיט פאַרויסגעבויגענע קעפּ, ווי לוי-ערנדיקע חיות, געקוקט יעדער פרוי אין פּנים אַריין.

נאָר אומדערוואַרט איז דער וועג געווען אַ רואיקער.

די אוקראַינער פאַשיסטן האָבן נישט געיאָגט, נישט געשלאָגן. די דייטשן האָבן געריטן פאַמעלעך. פאַרקערט, זיי האָבן גאָר מיט פריינטלעכע, ליבלעכע שטימעלעך געפּרוווט צו שמועסן מיט מייד-לעך. יידן האָבן מיט פרעגנדיקע בליקן געקוקט איינער אויפן אַנ-דערן און, צוליב דער אויפפירונג פון די דייטשן, אָנגעהויבן זיך נאָך מער צו שרעקן.

דער וועג האָט פאַרקערעוועט אויף רעכטס. אין דער לינקער זייט פון וועג איז געווען אַ וואַלד. די דייטשן האָבן געגעבן אַ באַפעל זיך אָפּצושטעלן. זיי זיינען אַראָפּ פון די פערד, אַ קורצע צייט זיך באַראַטן און באַפוילן אַלעמען אַרויפצוגיין אויפן פעלד צום וואַלד צו. די יידן האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן פון אימה און זיך נישט

געריררט פון אָרט.. אָבער די דייטשן און נאָך זיי די אוקראַינער פּאַ־
שיסטן האָבן געפּאַכעט מיט די לײדער־בײטשן און אווטאָמאַטן
און איינס־צוויי אַרויסגעטריבן זיי אויפן פעלד.

דער פעלדפעבל האָט אויסגעשטעלט די אוקראַינער, מיט אווי־
טאָמאַטן גרייטע צום שיסן, אין אַ קרייז אַרום די ייִדן.

— מיידלעך, פון זיבעצן, ביז פינף און צוואַנציק יאָר, אַרויס־
טרעטן! — האָט ער אויסגערופן.

אַ טויטע שטילקייט. קיינער רירט זיך נישט פון אָרט.

— דאָנער־וועטער, אַרויסטרעטן! — האָט דער פעלדפעבל מיט
אָנגעצונדענע אויגן זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער.

א מיידל, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון אים, איז בלייך
ווי קרייד צוגעגאַנגען. ער האָט געוואָרפן אַ קורצן בליק אויף איר
און ווייטער מיט צעלאָפּענע אויגן געקוקט אין אַלע זייטן.

— פערפלוכטע!... האָט ער פון כעס פאַרקריצט דאָס מויל
און א וווּנק געטון צו די דייטשן.

זיי זענען אריין צווישן די ייִדן. ס'האָט זיך אויפגעהויבן א גע־
וואלד. מאמעס און טעכטער האָבן זיך געקלאמערט איינע אין דער־
אנדערער, געקלאָגט, געיאָמערט, אָבער די דייטשן האָבן מיט רצי־
חה געשלאָגן, געדראָט מיט די רעוואָלווערן און ארויסגעשלעפּט
די מיידלעך.

דבורה האָט זיך אינגאנצן געטרייסלט.

— חנהשי, וואָס ווילן זיי, די דייטשן? וואָס גייען זיי דאָ טון?!

— האָט זי מיט ציטערנדיקע ליפּן געשעפּטשעט.

— ש—ש—ש... שטיל, מאמע, זיי קאָנען אונדז נאָך באַ־
מערקן! — האָט חנה שטיל געענטפערט און טיפער אריינגעגראָבן
דאָס פּנים אין טיכל, מיט וועלכן זי איז געווען ארומגעהילט.

חנה איז געשטאַנען אויסערלעך רואיק. נאָר איר האַרץ האָט גע־
צאפּלט, ווי עס וואָלט וועלן ארויסשפּרינגען פון ברוסט. א קאלטער
שווייס האָט באדעקט איר לייב. יעדע ווייל האָט זיך איר געדאכט,
אז די פארביילויפנדיקע זוכנדיקע דייטשן מיינען נאָר זי, זעען זי
און לויפן גלייך צו איר. אין דעם איז זי פארציטערט געוואָרן פון
דעם שרעקלעכן, שוידערלעכן געשריי, וואָס ס'האָט זיך דערהערט
פון דער זייט. א יונגער דייטש אָן א העלם, מיט גלאטיק ־ פאר־
קעמטע, ווי צוגעקלעפּטע, בלאָנדע האָר האָט געשלעפּט א מיידל.
אן עלטערע פרוי איז נאָכגעלאָפן פון הינטן און מיט פארצווייפ־
לונג זיך געקלאמערט אין איר קלייד. דעם דייטשס בילנדיקע גע־

שרייען האָבן פּאַרטויבט זייער יאָמערלעך געוויין. ער האָט דאָס מיידל געגעבן אַ שטופּ אַוועק אין אַ זייט, און דער עלטערער־פּרוי דערלאַנגט מיטן באַגאַנגלטן שטיוול אַ זעץ אין בויך אַריין. מיט אַ הווילגדיק געשריי איז זי אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד. אויסער זיך פון רציחה, איז ער צו צו איר און זי אָנגעהויבן צו שטייסן מיט דער לעדער־בייטש.

מיטאַמאָל האָט אים עמעץ האַסטיק אַרויסגעריסן די לעדער־בייטש פון דער האַנט. ער האָט זיך פאַרוואונדערט געגעבן אַ דריי אויס און דערזען פאַר זיך אַ יונג ייִנגל פון אַ יאָר זעכצן, מיט אַ טונקל, לענגלעך, דרייסט פּנים און צאָרנדיק־צעפלאַמטע אויגן. מיט אַן אומדערשראָקענעם, אַרויספאָדערנדיקן בליק האָט ער אים אָנגעקוקט, דעם דייטש. ער האָט געביילט די פויסטן און געביסן די ליפּן, ביז בלוט. דער דייטש איז אין ערשטן אויגנבליק צעטומלט געוואָרן, זיך פאַרלוירן. מיט ברייט־צעעפנטע, פאַרחידושטע אויגן האָט ער געקוקט אויפן ייִנגל, אויף די ייִדן אַרום, נישט פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען:

— ווי וואַגסטו! — האָט ער ענדלעך אַ קריץ געטון מיט די ציין און מיט ציטערנדיקע פינגער געפּרוווט אַרויסצונעמען דעם רעוואָלווער.

די הענט האָבן זיך אים פון רציחה געטרייסלט. ער האָט גע־שלעפּט, געריסן און בשום־אופן נישט געקאָנט אַרויסנעמען דעם רעוואָלווער פון דער שייד.

אַן עלטערער, דיקלעכער דייטש מיט אַ וואַקסנדיק בייכל איז געשטאַנען נישט ווייט און דאָס אַלץ צוגעזען. ווי ער וואָלט געגאַנ־גען טון עפּעס אַ גאַר געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע אַרבעט, איז ער פּאַמעלעך, געלאַסן צוגעגאַנגען צום ייִנגל פון הינטן, צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צו זיין קאָפּ און אויסגעשאָסן. דער יונגער דייטש מיט די גלאַטיק־פאַרקעמטע האָר האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רע־וואָלווער פונקט אין דער זעלבער רגע, ווען עס האָט זיך דערהערט דער שאָס, און דאָס ייִנגל האָט זיך אָן לעבן אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם רעוואָלווער, און מיט פון רצי־חה ברענענדיקע אויגן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. דאָס מיידל איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי פאַר־שטיינערט. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און האַסטיק צו־געצויגן צו זיך. אַ געשריי איז פאַרשטיקט געוואָרן אין איר האַלב־

אָפּן מויל. זי האָט זיך מיט דער צווייטער האַנט אינסטינקטיוו פאַר־שטעלט דאָס פּנים. זי האָט אינגאַנצן געציטערט פון אימה. אָן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד, א צוזאַמענגעבראָכענע, ווי א צע־שלאָגן, צעקאַטעוועט באַשעפעניש, איז זי אים נאָכגעגאַנגען. האַל־טנדיק פעסט איר האַנט, האָט ער געשפּרייזט מיט א גאַווהדיק־אויפגעהויבענעם קאָפּ, דאָס פּנים רויט, אין זיין צווייטער האַנט — דער רעוואָלווער, און מיט חיהשע אויגן געוואָרפן ווילדע בליקן אויף די אין אימה זיך צוריקציענדיקע יידן.

ערשט ווען ער האָט זי צוגעפירט צו די אַנדערע מיידלעך, האָט ער זי אָנגעהויבן אויפמערקזאַם באַטראַכטן. דערזעענדיק, אַז זי איז זייער א שיינע, האָט ער זיך צעשמייכלט, מיט דער שפּיץ צונג זיך נאָס געמאַכט די טרוקענע ליפּן און אויסגעשאָסן מיט א גאַריש, פּומלדיק געלעכטער.

דערווייל איז צווישן די דייטשן געוואָרן א געדודער: „א ייד האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט?!". זיי זענען אַריין צווישן די יידן און אָנגעהויבן צו שמייסן אויף רעכטס און לינקס מיט די לעדערבייטשן.

דער פעלדפעבל האָט געדראָט מיטן רעוואָלווער.

— אויב ס'וועט זיך נאָך ווער אַנטקעגנשטעלן — האָט ער גע־קריצט מיט די ציין: וועט איר אַלע, פאַרפלוכטע הינט, דערשאָסן ווערן!

זיי האָבן זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט — אַרויסשלעפּן מיידלעך. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט איבער אַ צענדליק, אויסגע־שטעלט זיי אין א ריי און גענומען זיי באַטראַכטן. וועלכעס מיידל ס'האָט געהאַט אויף זיך אַן אויבער־מלבוש, האָט זיך געמוזט אויס־טאָן. זיי זענען געבליבן שטיין, די מיידלעך, אין די דינע זומער־קליידלעך. אויף זייערע פּנימער — טויטע בלאַסקייט, און צאַפּלדיקע שרעק אין זייערע אויגן. די דייטשן האָבן געקוקט אויף די מיידלעכס ניך־גיך זיך הייבנדיקע ברוסטן, און די תאווה האָט זיך אין זיי וואָס אַמאָל שטאַרקער צעפלאַקערט. זיי האָבן אומגעדולדיק גע־טופּעט מיט די פיס, געגעסן די מיידלעך מיט די אויגן און נישט געקאָנט איינשטיין אויף אן אָרט. אָבער דער פעלדפעבל מיטן גרוי־נעם, פאַרשפּיצטן פּנימל האָט זיך נישט געאיילט. פּאַמעלעך, גע־לאַסן, איז ער זיך געגאַנגען פון איין מיידל צום אַנדערן, געפּיפּקעט די ליולקע און מיט זיינע טיף־פאַרזעצטע אויגן באַטראַכט פון אַלע זייטן, זאַכלעך, יעדעס מיידל באַזונדער.

ער איז פּאַר אַמאָל געבליבן שטיין און מיט א האַסטיקער באַ־

װעגונג אַרויסגענומען די ליולקע פֿון מויל. פֿון דער צווייטער זײַט, נישט ווייט פֿון די מיידלעך איז געשטאַנען אַ יונגער אוקראַיני־שער פּאַשיסט מיט אַ רויט שקציש פּנים און ווילעריש, קאָזאַקיש פּאהלע אין דער זײַט. זײַנע קליינע, שפּיזיקע אייגעלעך האָבן זיך איינגעגעסן אין אַ דיק מיידל מיט פֿעד־שוואַרצע, צעלאָזטע האָר.

— וועק!! — האָט דער פֿעלדפֿעבל, ווי אַ הונט איבער אַ ביין, אַ וואָרטשע געטון און זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער.

ווי אַן אָפּגעשמיסענער, האָט זיך דער אוקראַינער שנעל אָפּ־געטראָגן. ער איז אָבער באַלד צו זיך געקומען. ער האָט זיך פֿאַר־טראַכט. אין זײַן קאָפּ האָט אויפֿגעבליצט אַ געדאַנק: ער האָט פֿריער באַמערקט, ווי מיידלעך האָבן זיך פֿאַרשטעקט, באַהאַלטן. אָ, האָט ער איצטער אַ טראַכט געטון, ווען ער געפֿינט אַזוי עפּעס גאָר אַ שיין מיידל, וואָלט אים דער פֿעלדפֿעבל אפֿשר... און איבער־גליקלעך פֿון דעם איינפֿאַל, איז ער אַריין צווישן די יידן.

ווען די דײַטשן האָבן אויפֿגעהערט אַרויסצושלעפּן מיידלעך, האָט דבורה פֿרייער אָפּגעאָטעמט. מענטשן אַרום האָבן געזיפֿצט, געקרעכצט, אומגליקלעך געיאָמערט. אָבער די פֿרייד אין איר מוטערלעך האַרץ, וואָס איר טאָכטער געפֿינט זיך נעבן איר, האָט זי געמאַכט טויב און בלינד. זי האָט נישט געזען און נישט געהערט וואָס אַרום איר טוט זיך. זי האָט מיט אירע האַרע ביינערדיקע פֿינ־גער צערטלעך געגלעט חנהס האַנט און נישט געקאָנט איינהאַלטן די טרערן, טרערן פֿון גליק. וועלכע זענען געפֿלאָסן פֿון אירע אויגן.

— מאַמע, באַרואיק זיך — האָט חנה שטיל אַ זאָג געטון.

חנה האָט נישט געקאָנט אָװעקרייסן די אויגן פֿון די אין אַ ריי שטייענדיקע, אויף טויט־איבערגעשראָקענע מיידלעך.

זי איז שוין נישט געשטאַנען איינגעהויקערט, דאָס פּנים פֿאַר־גראָבן אינעם קאָפּ־טיכל. זי האָט איצט בכלל נישט געקלערט וועגן זיך, וועגן דער געפֿאַר, וואָס קאָן נאָך ערגעצוו לויערן אויף איר. זי האָט געקוקט אויף די פֿון פּחד ציטערנדיקע מיידלעך, וועלכע האָבן יעדע ווייל פֿון שרעק כמעט אויפֿגעהערט צו אָטעמען, ווי נאָר אַ דײַטש האָט זיך דערנענטערט. זי האָט געקוקט אויף די דײַטשן מיט די רויט גלאַנצנדיקע פּנימער, און אַ געפֿיל פֿון צאָרן און ווידערשטאַנד איז אויפֿגעגאַנגען אין איר, באַהערשט איר גאַנץ װעזן. זי האָט געציטערט אויפֿן גאַנצן לייב פֿון אומבאַהאָלפֿענעם

צאָרן. אונטער דעם איינפלוס פון אָט דעם ברויזנדיקן געפיל, האָט זי זיך, נישט אָפּגעבנדיק זיך וועגן דעם קיין דין־וחשבון, אײַנ־געאַנצן באַפרייט פון דער לײַמענדיקער אימה, וואָס די דײַטשן האָבן אויף אַלע אָנגעוואָרפן.

אַ דײַטש איז צוגעגאַנגען צו אַ מיידל, איר עפּעס אַ זאָג געטון און מיט אַ תאווהדיק צעשמייכלט פּנים איר לײַכט אַ פּאַטש געגעבן אויפן אונטערשטן קערפּער־טייל, די דײַטשן האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ גראָב, טומלדיק געלעכטער. דאָס מיידל האָט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן געקוקט שטאַר פאַר זיך און אפילו נישט קיין צוק געטון מיט קיין ברעם, ווי זי וואָלט נישט געפילט די באַרירונג.

„ניין! — האָט חנה געביסן די ליפּן: איך וואָלט נישט דער־לאָזט, אַז די נידערטרעכטיקע ברואים זאָלן זיך מיט מיר אַזוי אומגיין".

צאָרן און האס איז אין איר געוואָקסן וואָס אַמאָל שטאַרקער.

פּלוצעם איז די מאַמע צוגעפאַלן צו איר מיט אַ פאַרשטיקט געשריי און מיט ביידע הענט זי פעסט אַרומגענומען. חנה האָט בלייכצייטיק מיט שרעק דערפילט, ווי עמעץ האָט איר האַסטיק אַראָפּגעריסן דאָס טיכל פון קאָפּ. זי האָט דערזען אַ יונגן אוק־ראַאינער מיט אַ ווילד, צעשויבערט פּאהלע אין דער זייט. ער האָט מיט קליינטשיקע, חזיריש־פעטע, פאַרמרוזשעטע אייגעלעך געקוקט אויף איר אַ ווײַלע, פּלוצעם זיך אויסגעדרייט און מיט שנעלע טריט צוגעגאַנגען צו די דײַטשן.

חנה מיט איר מאַמען זײַנען ווייטער געשטאַנען אַרומגענומע־נערהייט, ווי געלײַמטע, נישט געקאָנט רירן מיט קיין אבר, אין מיט פאַרשטאַרטע אויגן נאָכגעפאָלגט דעם אוקראַאינערס געשטאַלט.

ער איז צוריקגעקומען צוזאַמען מיט אַ דײַטש. דער דײַטש האָט אַ קוק געטון אויף חנהן, פון פאַרוווּנדערונג צעעפנט די אויגן, זיך צעשמייכלט און אויסגעשטרעקט צו איר אַ האַנט.

דערפילנדיק די באַרירונג, האָט חנה אַ ציטער געטון, ווי זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן שלאָף. זי איז האַסטיק אָפּ־געשפּרונגען אויף צוריק, ווי עס וואָלט זי אָנגערירט אַ קריכיק, גלי־טשיק, העסלעך באַשעפעניש.

דער דײַטש האָט זיך צעלאַכט, געוויזן טלעכע גרויסע, געלע בייסציין, געמאַכט אַ טריט פאָרויס און זי אָנגעכאַפּט בײַ אַ האַנט. חנה האָט, צוריקציענדיק זיך, געפּרוווט זי אַרויסרייסן. ערשט

איצט האָט דער דייטש באַמערקט דבורהן, וועלכע האָט געהאַלטן חנהן פעסט אַרומגענומען.

— וועק! דו אַלטע קו! — האָט ער אַ הויב געטאָן די לעדער־בייטש.

די אויפגעהויבענע לעדערביימש האָט חנהן צוריקגעברענגט צום פולן באַוווסטזיין. אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט זי בולט דער־זען פאַר זיך די עלטערע פרוי, וועלכע איז פריער געלעגן אַ צע־קאָפּעטע, אַ צעממיתטע אויף דער ערד.

פאַרשטעלנדיק די מאַמע, האָט זי מיט פאַרצווייפלונג, אַ גע־שריי געטון:

— איך גיי! איך וועל אַליין גיין! שלאָגט זי נישט!

דער דייטש האָט אָפּגעלאָזט די האַנט:

— קום!

חנה האָט פּאַמעלעך, מיט אַ מילדער באַוועגונג זיך באַפרייט פון דער מאַמעס אָרעמס. זי האָט שטיל, מיט אַ פאַרשטיקט קול, קוקנדיק אין אַ זייט, אַ זאָג געטון:

— בלייב געזונט, מאַמע.

דבורה איז געבליבן שטיין מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, גע־בויגן פאָרויס, און מיט ברייט־צעעפנטע, אַרויסקריכנדיקע אויגן איר נאָכגעקוקט.

דער דייטש האָט זיך דערנענטערט צו חנהן.

— יאָ, דו געפעלסט מיר. דו ביסט אַ שיין, היפּש מיידל און דערצו פאַרנינפטיק אויך, — האָט ער מיט ברייטקייט און דיי־טשער גאווה אַ זאָג געטון, האַלטנדיק, אַז זי וועט זיך פילן איבער־גליקלעך, הערנדיק פון אַ דייטש אַזעלכע ווערטער.

חנה האָט געשטעלט ברייטערע טריט.

ווען זיי זענען אַרויס פון צווישן די יידן, איז זיי אַנטקעגן גע־קומען אַן עלטערער, הויכער דייטש מיט אַ פּנים פול קנייטשן.

— אַ־אַ־אַ, — האָט ער באַוויזן אַ מויל מיט גאָלדענע ציין. זיינע האַלב אויסגעלאָשענע אויגן האָבן באַקומען אַ לעבע־דיקן קאָליר און אַנטציקטע געבליבן שטיין צווישן דעם ים מיט קנייטשן.

— זי איז מיינע, קיינער וועט זי נישט באַקומען! — האָט דער יונגערער דייטש מיט אַ הייזעריק קול אַ זאָג געטון צום עלטערן.

דאָס גאַנצע בלוט האָט חנהן אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין. זי איז געבליבן שטיין.

— וואָס איז געשען? — האָט דער דייטש זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

— ווייטער גיי איך נישט!

— דו ביסט דאָך אַ קלוג מיידל, — האָט ער איר ליבלעך געקוקט אין די אויגן אַריין — דו פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז אויב דו וועסט נישט גיין מיט גוטן, וועלן מיר דיך צווינגען.

— איך וועל נישט גיין! — האָט זי שטיל, אָבער מיט אַן אַנטשלאָסן קול געענטפערט. דער דייטש האָט דערזען דעם אויסדרוק פון אַנטשלאָסנקייט אויף איר פאַרדריקט מויל און אויפגעהערט צו שמייכלען.

— קום! — האָט ער זי אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט.

זי האָט די האַנט אַרויסגעריסן:

— איך וועל נישט גיין!

מיט פאַרמרוזשעטע אויגן, ווי אַ לויערנדיקע קאַץ, האָט ער זיך איינגעבויגן צו איר. זי האָט ציטערנדיק אויפן גאַנצן לייב, מיט אומדערשראָקענע אויגן געקוקט אויף אים.

— שנעל! דו פאַרפלוכטע צויג! — האָט ער מיט צאָרן אַ געשריי געטאָן און איר אַ שמיר געטאָן מיט דער בייטש.

— דו קאָנסט מיך שלאָגן, אָבער גיין וועל איך נישט — האָט זי אָנגעהויבן גאַליק צו שמייכלען.

— דו וועסט נישט גיין, האַ?

ער האָט זי אָנגעהויבן צו שטויסן און שטופּן. דערביי האָט ער זיך נאָך יעדן שטויס געפאָכעט מיט דער בייטש. זי האָט אָנגעכאַפּט די שמייסנדיקע בייטש, אַרויסגעריסן זי און אַוועקגעשליידערט.

ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער.

— איך דערשיס דיך דאָ, אויפן אָרט!

— דו קאָנסט מיך דערשיסן.

די איבעריקע דייטשן זיינען צוגעקומען. חנה האָט שנעל, אָפּגעהאַקט געאָטעמט. אירע פעך־שוואַרצע, צעשויבערטע האָר האָבן געגלאַנצט אויף דער זון מיט טונקעלן גראַנאַט, אירע שוואַרצע פייער־שפּריצנדיקע אויגן האָבן דרייסט געקוקט אויף די דייטשן.

— איך וועל מיט אייך נישט גיין! איר קאָנט מיך דערשיסן אָבער...

זי האָט מיט שנאה געוואָרפן די ווערטער, ווי שפייענדיק זיי אין פנים אַריין.

— ע, ווען מיר זען, — האָט זיך דער פעלדפעבל אָנגערופן, אַריינלייגנדיק די ליולקע אין טאַש אַריין: דו ביסט צו שיין, אַז מיר זאָלן דיך איצט דערשיסן.

— בינדט איר די הענט! — האָט ער באַפוילן צוגערופענע אוקראַינער פאַשיסטן.

זיי האָבן זי אַרומגערינגלט און אָנגעכאַפּט ביי די הענט. זי האָט זיך אַרויסגעריסן. דער יונגער אוקראַינער מיטן קאָזאַקישן פּאהלע האָט זי אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט און פעסט געהאַלטן. זי האָט זיך אָנגעהויבן ראַנגלען, זיך אין עפּעס פאַרהאַלטן און אומגעפאַלן, מיטציענדיק אים מיט זיך. נישט אָפּלאָזנדיק איר האַנט, איז דער אוקראַינער אַרויף אויף איר, צוגעדריקט זי פעסט מיט זיין קערפּער צו דער ערד און געוואָלט אָנכאַפּן איר צווייטע האַנט. זי האָט זיך ווילד געוואָרפן, אים אַראָפּצושליידערן פון זיך. מיט דער פרייער האַנט האָט זי אָנגעטראָפן אַ שטיין אויף דער ערד. זי האָט אַ כאַפּ געטון דעם שטיין און מיטן גאַנצן כוח דערלאַנגט אים איבערן קאָפּ. מיט אַ קללה איז ער אָפּגעשפּרונגען, זיך אָנגעכאַפּט ביים צעפּלעטן קאָפּ און, בייסנדיק די פויסטן, מיט רציחה צוריק צו איר צוגעשפּרונגען.

— האַלט! נישט שלאָגן! — האָט דער פעלדפעבל אַ געשריי געטון: נעמט איר צו דעם שטיין!

איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט אויפצושטיין, זיינען אַלע צו איר צו. דער פעלדפעבל איז איינגעבויגענערהייט געלאָפן אַרום און אַרום. איר פאַרצווייפלטער ווידערשטאַנד האָט אויפגערודערט זיין בלוט. זיין פאַרגרינט, שפּיציק פּנימל האָט באַקומען אַ שמוציק-פאַרזשאַווערטן קאָליר. זיינע טיף-פאַרזעצטע אויגן האָבן געברענט ווי צוויי צעגליטע שטיקלעך אייזן. „סאַראַ טעמפּעראַמענט!“ — האָט ער היים געשעפּטשעט און זיך פון אַנטציקונג אַזש פאַר-כליניעט. ער האָט פּלוצעם אָנגעהויבן צו הינקען אויף זיין פוס. ער האָט זיך געווישט דעם שווייס, געלאָפן אַרום דעם קנויל פון דייטשן און אוקראַינער און מיט אַ כריפּענדיק קול געהאַלטן אין איין שרייען:

— ניכט שלאָגן! ניכט שלאָגן!

איין דייטש האָט מיטן שטיוול פעסט צוגעדריקט חנהס פרייע האַנט צו דער ערד. אַ צווייטער האָט אָנגעכאַפּט איר צווייטע

האַנט. באַקומענדיק אָבער אַ זעץ מיטן שטיין, איז ער צוריקגע־פלויגן. עטלעכע אוקראַינער האָבן געהאַלטן אירע פיס, די אי־בעריקע האָבן געפּרוווט צו כאַפּן די צווייטע האַנט, אין וועלכער זי האָט געהאַלטן דעם שטיין.

חנה האָט דערפילט, אַז זי שטייט אָפּ, פאַרלירנדיק די כוחות.

נאָר מיטאַמאָל זיינען אַלע געבליבן שטיין צעמישט. זיי האָבן דערזען עפּעס גאָר אַן אויסטערלישע זאַך. חנה האָט מיטן שטיין זיך אַליין מיטן גאַנצן כוח אַ זעץ געטון אין פּנים איבערן קאָפּ און... געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. דאָס בלוט האָט זיך פון איר געגאָסן, ווי פון אַ געשאָכטן באַשעפעניש.

די דייטשן האָבן אַ וויילע געקוקט אויף איר צעמיטשט פּנים, אויף דעם קנויל פון האָר און בלוט אויף איר קאָפּ, און זיך מיט עקל אָוועקגעדרייט. מיט פאַרווונדערטע, פאַרחידושטע אויגן האָבן זיי געקוקט איינער אויפן אַנדערן און געהויבן מיט די אַקסלען.

— יאַ, — האָט דער פעלדפעבעל אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: זי איז פערריקט געוואָרן.

צוקומענדיק צוריק צו די מיידלעך, האָבן זיי זיך שנעל אָפּגע־שאָקלט פון דער שווערער שטימונג, אויסגעקליבן די שענסטע פינף מיידלעך, און די איבעריקע מיט אַ טומלדיק געלעכטער, מיט שפּאָטיקע הוזק־ווערטלעך, שמייסנדיק מיט די לעדער־בייטשן, צוריקגעיאָגט צווישן די ייִדן.

די פינף אויסגעקליבענע מיידלעך האָבן זיי אַוועקגעפירט אין וואַלד אַריין.

3

נאָך ווען דער דייטש האָט חנהן אָנגעהויבן צו שלאָגן, האָט איר מאַמע דבורה זיך אַ ריס געטון פאָרויס און... געפאַלן אין חלשות.

ווען זי האָט אויפגעוואַכט און געקומען אַביסל צו זיך, האָט זי זיך מיט צעמישטע אויגן אומגעקוקט, נישט געוווסט ווו זי גע־פינט זיך. אין קאָפּ האָט געקלאַפּט, גערוישט... זי האָט זיך געפילט זייער שוואַך. זי האָט שווער, מיט מי געאָטעמט.

איבערן פעלד האָט זיך געטראָגן אַ פאַרשטיקט, טויב גערויש.

פון אַלע זייטן האָט זיך געהערט אַ שטיל כליפּעריי און אַ הויך געיאָמער. פון איין אָרט האָט זיך געהערט אַ געוויין פון פרייד,

פון עלטערן, וועלכע זייגען אַרויסגעפאַלן אויף זייערע באַפרייטע טעכטער, פון אַ צווייט אָרט — אַן אומגליקלעכער יאָמערן פון מאַמעס, וועלכע האָבן זייערע טעכטער פאַרלוירן.

פלוצעם איז צו דבורהס צעפייניקטע אויערן דערגאַנגען אַ ווייטער, האַלב־אומדערטייטלעכער אויסרוף פון פאַרוואונדערונג און באַהאַלטענער שרעק:

— יידן, זעט נאָר! חנה לעבט, זי רירט זיך!

דאָס האַרץ האָט דבורהן אָנגעהויבן צו קלאַפּן ווי מיט האַמערס. זי איז אויפגעשפּרונגען. אירע פיבערדיקע אויגן זיינען געלאָפן אין אַלע זייטן, געזוכט. זי האָט דערזען פונדערווייטנס אַ ליגנדיק געשטאַלט. מיט אַ פאַרשטיקט געשריי איז זי אַרויסגעלאָפן פון צווישן די יידן.

די אוקראַיִנער פאַשיסטן האָבן זיך גישט אומגעקוקט אויף איר. זיי זיינען געשטאַנען צונויפגעזאַמלט און מיט אויפגעהויבענע שטימען געשמועסט. מיט פיבערדיק־גלאַנצנדיקע אויגן האָבן זיי געקוקט אַהין צום וואַלד, אויף די יידן, זיך געהיצט און צוריק זיך באַראַטשיקט. עטלעכע מאָל איז צווישן זיי געוואָרן אַ טומל, אַ געפּילדער. זיי האָבן זיך געזידלט. יונגע אוקראַיִנער מיט צעהיצטע פּנימער, מיט רויט־פאַרלאָפענע אויגן האָבן זיך געריסן, געוואָלט לויפן צו די יידן. אָבער די עלטערע האָבן זיי פאַרהאַלטן, אין זיי עפּעס אַריינגעטענהט און באַרואיקט.

ווען דבורה איז צוגעקומען צו איר טאָכטער און דערזען איר פּנים, האָט איר דאָס האַרץ אַ שפּרונג געטון צו דער קעל, און זי איז מיט אומטערגעהאַקטע פיס אַרויפגעפאַלן אויף איר.

— קינד מיינס, דו לעבסט?! — איז זי צוגעפאַלן צו איר צעממיתטע פּנים.

— וואַסער... — האָבן חנהס געשוואָלענע ליפּן אומדייטלעך געפּליסטערט.

דבורה האָט זיך מיט פאַרצווייפלונג אַרומגעקוקט.

— חנהשי, — איז זי ווידער צו איר צוגעלאָפן, און טרערן פון פּיין און צער האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן: אפשר קאָנסטו אויפשטיין?... פּרוביר... צווישן די יידן וועט זיך אפשר געפינען אַ ביסל וואַסער...

זי האָט אונטערגעשפּאַרט די הענט אונטער חנהס פּלייצע און זי אויפגעזעצט. חנה איז אַ וויל האַלב געלעגן אויף דער מאַמעס אָרעמס. איר קאָפּ איז הילפלאָז געלעגן אויף איר רעכטן אַקסל.

זי האָט שווער כאָרכלעטדיק געאָטעמט. דערנאָך האָט זי מיט דער מאַמעס הילף, קרעכצנדיק און צוריק פֿאַלנדיק, געפּרוווט אויפֿשטיין. זי האָט זיך געוואָקלט אויף די מאַטלאַזע פֿיס. האָט זיך פֿעסטער אָנגעלענט אויף דער מאַמען און געמאַכט אַ טריט. די ייִדן האָבן זיך מיט שרעק פֿונאַנדערגערוקט און זיי אַריינגעלאָזט.

חנה האָט אויסגעזען ווי אַ געשפּענסט. אויפֿן קאָפּ — אַ קנויל פֿון האָר און בלוט, דאָס פּנים פֿול מיט פֿאַרטריקנט בלוט, געשוואָלן, אומגעהויער גרויס. אירע גרויסע, שוואַרצע, פֿינקלענדיקע אויגן, זיינען פֿאַרשוווּנדן; איין אויג זעט זיך בכלל נישט אַרויס, דאָס צווייטע — אַ קליינטשיקער פּונק צווישן אויפֿגעלאָפֿענע בלויע בערגלעך.

די אוקראַאינער האָבן אַלץ נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיי. זיי האָבן ווייטער געפּילדערט. דער טומל צווישן זיי איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. אַלע אינאיינעם האָבן זיי זיך געהעצט, געמאַכט געוואַלדן. איינער האָט איבערגעשריגן דעם אַנדערן, ווי שיכּורים אין אַ שענק. איבער אַלע קולות האָט זיך אַרויסגעשלאָגן דאָס כריפּענדיק־קוויטשענדיקע קול פֿונעם יונגן אוקראַאינער מיטן סאָזאַקישן פֿאַהלע אין דער זייט. מיט אַ רויט אָנגעצונדן פּנים, מיט ווילד־בליצנדיקע אויגן פֿון אומגעשטילטער תּאווה, האָט ער געוואָרפֿן מיט די הענט און געשפּרונגען יעדן אין די אויגן אַריין.

— פּחדנים! — האָט ער געשפּריצט מיט שוים: פֿאַר וועמען האָט איר מורא? פֿאַר די פֿאַרשטונקענע פֿאַר דייטשן? זיי מעגן, און מיר טאָרן נישט? מיר האָבן די זעלבע רעכט וואָס זיי!

— ברידער! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, אַרויסלויפֿנדיק פֿון דער מיט: ווער גייט מיט מיר? לאָמיר זיך אויך נעמען מיי־דלעך!

זיי האָבן זיך אַלע, אויסער צוויי אָנפֿירער, אַ לאָז געטאָן ווי ווילדע נאָך אים, צו די ייִדן.

האָט זיך פֿון וואַלד דערהערט אַ שאָס. איינער, און באַלד דערנאָך נאָך עטלעכע.

די פֿאַשיסטן האָבן זיך האַסטיק פֿאַרהאַלטן, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און מיט געשפּאַנטקייט געקוקט צום וואַלד.

צווישן די שיטערע ביימלעך אין עק וואַלד האָבן זיך באַוויזן די דייטשן. די מיידלעך האָט מען נישט געזען. צווישן די ייִדן איז אויסגעבראָכן אַ שטיל געוויין.

די דייטשן זיינען צוגעקומען. אויף זייערע דערשוויצטע פּני־

מער איז געלעגן אַ זאַטער, צופרידענער שמייכל. דער פעלדפעבל האָט פאַרדרייכערט די ליולקע, אַרויסגעלאָזט עטלעכע קנוילן רויך, אָפגעאָטעמט און אויפגעהויבן אַ האַנט. ס'איז אַנטשטאַנען אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט. אַלץ האָט מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם געוואַרט.

— יודען! — האָט דער פעלדפעבל מיט אַ פאַרלעגן קול, מיט אַן ערנסט פנים אָנגעהויבן רעדן: איך האָב אויפן וועג באַמערקט, ווי מיינע קאַמעראַדן האָבן זיך אונטערהאַלטן מיט אייערע מיידלעך. פון אָנפאַנג האָב איך געשטויגט, נישט געגלייבט מיינע אייגענע אויגן. איך האָב זיך געוואונדערט און געברענט אויף זיי פון צאָרן...

ער האָט זיך אָפגערוט און אַ ווייל געפּיפקעט די ליולקע. די דייטשן האָבן געקוקט שטאַר פאַר זיך, זיך געפליסט נישט צו קוקן איינער אויפן אַנדערן.

— אָבער איך קאָן אייך יודען, צו גוט! — האָט דער פעלדפעבל, פאַרקרומענדיק מיט ביטול דאָס מויל, ווידער אָנגעהויבן: איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, דאָס איר ווילט מיט דער הילף פון אייערע שיינע מיידלעך ווירקן אויף מיינע קאַמעראַדן, זיי זאָלן ווידערשפעניקן אונדזער פירער און אייך באַפרייען. פאַר אַזאַ פאַרברעכן קומט אייך אַלע אויסצושיסן, ווי די הינט! אָבער מיר דייטשן, זיינען גרויסמוטיק! מיר האָבן בלויז אייערע שענסטע פינף מיידלעך, וועלכע האָבן געוואַגט צו ווירקן אויף דייטשע מענער און שיר נישט געברענגט צו ראַסן־שאַנדע, דערשאָסן... אויב איר וועט נאָכאַמאָל דאָס פרוּוון צו טון — האָט ער געדראָט מיט אַ פינגער — וועלן מיר אייך אַלע, ביז איינעם, אויסשיסן! און איצט, אין וועג אַריין!

דאָ האָט ער זיך עפעס דערמאָנט, געבליבן שטיין און זיך אַרומגעקוקט.

— ווו איז אַהינגעקומען די יידין? — האָט ער, ווייזנדיק מיט דער האַנט אויף דעם אָרט ווו חנה איז פריער געלעגן, זיך געוואָנדן צו די אוקראַינער.

די אוקראַינער האָבן זיך מיט פאַרוואונדערונג אַרומגעקוקט, געקוקט איינער אויפן אַנדערן, און נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן.

— ווו איז די יידין? — האָט ער, האַלטנדיק ווייטער אויסגעשטרעקט די האַנט, זיך געוואָנדן צו די יידן.

אַ שטילקייט. קיינער ענטפערט נישט.

— ווּ איז זי?! — האָט ער מיט רציחה אַ געשריי געטון און זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער.

זיינע טיף פאַרזעצטע אויגן האָבן ווידער אָנגעהויבן גלאַנצן, ווי ביי אַ הונגעריקן וואָלף אין מיטן דער נאַכט.

די יידן האָבן זיך, ציטערנדיק פון אימה, פונאַנדערגערוקט.

אויפן לײדיקן שמיקל פעלד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט, זיינען אויף דער ערד געזעסן חנה און דבורה. חנהס קאָפּ און אַ האַלב פּנים זיינען געווען אַרומגעבונדן מיט אַ ווייס שטיקל לײוונט. זי איז געלעגן אָנגעלעגט אויף דער מוטערס אָרעמס. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי שלאָפט. מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט, מיט אַ פאָרויסגעבויגענעם קאָפּ, גישט אַראָפּנעמענדיק פון זיי זיין בליק, איז דער פעלדפעבל פּאַמעלעך, מיט ווייכע, קעצישע טריט צוגע־גאַנגען.

זיי זיינען ביידע, די מאַמע און די טאָכטער, שנעל, אָן אָטעם אויפגעשטאַנען. חנה האָט איר איינציק, קוים־אָנזעענדיק אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פאַר אים. זי האָט געקוקט גלייך אין זיינע פּיפע, גלאַנצנדיקע אויגן־לעכער. אָבער וואָס דער בליק פון איר איינציקן אויג האָט אויסגעדריקט, איז שווער געווען צו דערקענען.

דער פעלדפעבל האָט מיט צונויפגעצויגענע ברעמען געקוקט אַ ווייל אויף איר פּנים, געדריקט אין דער האַנט דעם רעוואָל־ווער און... זיך צעשמייכלט.

— כאַ־כאַ־כאַ ! — האָט ער זיך צעלאַכט, פאַרגראָבנדיק די אויגן אין דער טיפעניש פון זיין גרין פּנימל: דו זעסט שיין אויס, וווּנדערבאַר שיין! כאַ־כאַ־כאַ ! איצט איז שוין נישט נויטיק דיך צו דערשיסן!

4

אויפן ווייטערדיקן וועג האָבן די אוקראַינער פּאַשיסטן אויסגע־לאָזט זייער פאַרביטערט האַרץ, צוליב זייער אומגעשטילטער ברע־נענדיקער תאווה, צו די יידן. מיט פינצטערע, פאַרביסענע פּנימער זיינען זיי געגאַנגען הינטער זיי אין אַ האַלב־קרייז און אָן שום סיבה געשלאָגן, געקאָפּעט. די דייטשן האָבן פּאַמעלעך נעריטן פון פאָרנט, געקוקט פאַר זיך און געשוויגן.

— יידישע פרויען זיינען גאָרנישט ווערט! — האָט איין דייטש פּלוצעם זיך אָנגערופן און זיך פאַרקרימט.

די איבעריקע האָבן פאַרוואונדערט און גליקלעך־גלייכצייטיק מיט צו־
פרידנקייט אַ קוק געטון אויף אים. ער האָט הויך אויסגעדריקט
דעם געדאַנק, וואָס אַלע האָבן איצט געטראַכט. זיי האָבן אָנגע־
הויבן צו שמועסן. די צונגען האָבן זיך זיי אויפגעבונדן. זיי האָבן
גערעדט וועגן דעם, אַז די גאַנצע מעשה האָט זיך נישט געלוינט.
זיי האָבן געמיינט, אַז יידישע מיידלעך זיינען עפּעס גאָר־גאָר היי־
סע, מיט אַ פייערדיקן, דרומדיקן טעמפּעראַמענט. אָבער אַרויס־
געוויזן האָט זיך, אַז דאָס זיינען עפּעס אַזעלכע צעקראָכענע ווײַ־
בער, קעלטער, ווי אייז.

— אָ, מיינע איז געווען אַ פאַרביסענע, אַ כיטרע, די בלאָנ־
דע... איר געדענקט זי? — האָט דער דיקער דייטש מיטן וואַקסנ־
דיקן בייכל זיך אָנגערופן: זי איז כלומרשט געלעגן רואיק... פּלוצעם,
דערשפּיר איך, ווי זי וויל מיר אַרויסציען דעם רעוואָלווער... נו,
האָב איך זי געגעבן אַ כאַפּ אָן ביי דעם גאַרגל!...

— מיינע, — האָט דער דייטש מיטן פּנים פול קניימשן און האַלב
אויסגעלאָשענע אויגן זיך אָנגערופן: האָט געקוקט אויף מיר מיט
אַזעלכע אויגן, ווי זי וואָלט בכלל נישט פאַרשטאַנען, וואָס איך
וויל פון איר.

— זיי האָבן זיך אויפגעפירט, — האָט דער יונגער בלאָנ־
דער דייטש זיך געוואונדערט: ווי עפּעס האַלב־טויטע באַשעפעניש,
ווי זיי וואָלטן שוין טויט געווען פאַרן דערשיסן.

— אַך, דאָנער־וועטער! — האָט דער דיקער דייטש, גלייכ־
זעצנדיק זיך אויפן פערד, מיט בענקשאַפט אויסגערופן: ס'איז
נישטאָ איבער אונדזערע דייטשע פרויען!

זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן און זיך פאַרטראַכט. זיי האָבן
זיך פויל צוגעשאָקלט צום טאַקט פון די פערדס פאַמעלעכדיקע
טריט.

דער פעלדפעבל האָט פּלוצעם דערפילט אַן איבלדיקייט אין
מויל, ווי אַ זויל־וסובא נאָך אַ צו זאַטן, נישט געשמאַקן מאָלצייט.
ער האָט זיך פאַרקרימט און אויסגעשפּיגן און אָנגעהויבן רייזן
שנעלער. די איבעריקע דייטשן זיינען אים נאָך.

די אוקראַינער האָבן ווי אויפגעלעבט. איצט ערשט האָבן זיי
באַקומען די געלעגנהייט זיך אויסצולעבן ווי עס געהער צו זיין,
האָבן דעם אמתדיקן נחת און פאַרגעניגן. זיי האָבן אָנגעהויבן
לויפן אַרום די יידן, ווי ווילדע הינט, צו פאַכען מיט די אויטאָ־
מאַטן, ווי מיט צעפּעס. די שמחה איז זיי אָבער באַלד אויף אַ

קורצער צייט. צעשטערט געוואָרן. אַן אַלטער גרויז־גרויער ייִד האָט געקריגן אַ זעץ אונטערן האַרץ און געבליבן ליגן אויף דער ערד. עטלעכע אוקראַינער זיינען צוגעשפּרונגען און געפּרוּווט מיט די אוטאָמאַטן אים צוריק אויפשטעלן. נאָך יעדן שטויס, וואָס ער האָט באַקומען, האָט ער זיך אונטערגעהויבן אויף חי העגט. גע־פּרוּווט אויפשטיין און צוריק אומגעפאַלן. איז דערהויל געוואָרן אַ מהומה און אַ געלויף. די איבעריקע אוקראַינער האָבן געוואָלט פאַרהאַלטן די ייִדן און אָנגעהויבן שרייען: „סטאָי! סטאָי!“ טייל ייִדן זיינען געבליבן שטיין, אָבער די איבעריקע זיינען ווייטער גע־לאָפן.

אַן אוקראַינער האָט אויסגעשאָסן אין דער לופטן.

די דייטשן, דערהערנדיק דעם שאָס און דערזעענדיק הער גע־רודער, האָבן זיך דערשראָקן: האָבן זיך די ייִדן צעבונטעוועט?!

ווען זיי זיינען צוגעקומען, זיינען זיי נאָך בלייך געווען, ווי קרייד. דער פעלדפעבל איז צו צו דעם אַלטן.

— שטיי אויף, דו אַלטער הונט!

דער אַלטער איז געלעגן מיט פאַרגלייזטע אויגן, און מיט אַ אָפן מויל גיך־גיך געכאַפּט לופט.

דער פעלדפעבל האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און אויסגעשאָסן. די אוקראַינער פאַשיסטן האָבן אָנגעהויבן נאָך שטאַר־קער און מערדערלעכער צו שלאָגן, באַלד איז געפאַלן אַ נייער קרבן: אַ פרוי איז אומגעפאַלן... האָבן שוין די אוקראַינער נישט גע־וואַרט אויף די דייטשן, נישט געפּרוּווט אפילו צו צווינגען זי אויפ־צושטיין — זיי האָבן זי גלייך דערשאָסן.

דבורה האָט איצט נישט געפילט קיין שוואַכקייט אין די פיס. זי האָט בכלל נישט געקלערט וועגן זיך. איר איינציקער געדאַנק איז געווען: ראַטעווען חנהן. זי האָט געהאַלטן חנהן פעסט אונטערן אָרעם און יעדע ווייל, לויפנדיק, געוואָרפן אויף איר פאַרזאָרגטע, ציטעריקע בליקן. פלוצעם האָט זי מיט שרעק דערזען ווי די לייוונט אָרום חנהס קאָפּ איז געוואָרן רויט, דורכגעווייקט מיט בלוט, און גלייכצייטיק האָט זי דערפילט ווי חנה פאַלט איר פון די הענט.

— ייִדן, ראַטעוועט מיין טאָכטער! — האָט זי מיט פאַר־צווייפלונג אַ געשריי געטאָן.

צוויי יונגע ייִדן זיינען צוגעשפּרונגען און אָנגעכאַפּט חנהן אונטער די אָרעמס.

מיט אַ שרעקלעכן ליאַרעם האָט זיך די לויפנדיקע מאַסע דערגענטערט צו אַ דאָרף. פויערים האָבן זיך פאַר שרעק פאַרשטעקט אין לעכער, פויערטעס האָבן אין יאָגעניש, אין איילעניש געכאַפּט די קינדער פון דער גאַס און, צלמענדיק זיך, פול אימה אַרונטער הינטער די שייערן.

די הינט, אויפגעוועקטע פון זייער מיטאָגדיקן דרימל, זיינען אַרויס מיט אַ געהויל, ביז צום הימל. די דייטשן און די אוקראַינער האָבן זיך אַ נעם געטון צו די הינט, אָנגעהויבן זיי אויסצישיסן און אויף אַ קורצער צייט פאַרגעסן אין די יידן.

* * *

שפּעט נאָכמיטאָג האָט מען די פאַר־ביטיקטע, האַלבלעבעדיקע יידן צוגעפירט צו דעם „דולאַג“. דער „דולאַג“, אַן אָפּגעזונדערטע מיט דראָט־אַרומגעצוימטע שול־געביידע, איז פון אָנפאַנג, ביים פאַרמאַכן דאָס געטאָ, באַשטימט געוואָרן דורך די דייטשן אַלס קוואַראַנטאַננע און דורכגאַנגס־לאַגער פאַר יידישע יונגעלייט, וועלכע ווערן אַרויסגעשיקט פון וואַרשע אין אַרבעטס־לאַגערן. איצט האָט דער „דולאַג“ געדינט אַלס אַ יידישער שפּיטאָל פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקע.

ס'איז ברייט צעעפנט געוואָרן דאָס טויער.

די דייטשן און אוקראַינער האָבן אין דער לעצטער מינוט, אַרויסטרייבנדיק די יידן, זיך צעפּאָכטעט מיט די אַוטאָמאַטן און אויפגעהויבן אַזאַ געוואַלד, אַז פון אַלע אַרומיקע גאַסן זיינען מענטשן, פאַרציטערטע זיך צונויפגעלאָפן.

נאָכן פאַרמאַכן דאָס טויער איז אויפן הויף אַנטשטאַנען עפּעס אַזאַ אומהיימלעכע, אומנאַטירלעכע שטילקייט... די יידן זיינען געשטאַנען איינגעהויקערטע, צעחושטע און צעדולטע, נישט האָבן מורא צו אָטעמען, ווי זיי וואָלטן זיך געריכט אויף נאָך קלעפּ. זייערע דערשראָקענע אויגן זיינען מיט פּחד געלאָפן אין אַלע זייטן, נישט געגלויבט, אַז זייערע פייניקער זיינען שוין אַוועק.

ערשט אין אַ צייט אַרום האָט די שטילקייט געפּלאַצט, און ס'האָט אויסגעבראָכן אַ געיאָמער. מענטשן מיט צעפּלעטע קעפּ, מיט צעבראָכענע הענט, וועלכע האָבן אַ דאַנק אָנגעשטרענגטער גייסטיקער שפּאַנונג אויסגעהאַלטן, איבערגעטראָגן דעם פיינפולן

וועג, זיינען איצט פון דערשעפונג און בלוט־אָפּפלוס געפאַלן זוי פליגן.

חנה איז געלעגן אויף דער ערד, ווו די יידן, וועלכע האָבן זי געברענגט צו טראָגן, האָבן זי אַוועקגעלייגט, אַן אָפּגייענדיקע מיט בלוט, כמעט אָן סמנים פון לעבן.

די דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטער האָבן אָנגעהויבן אַריינצוטראָגן די קראַנקע און פאַרוווּנדעטע אין די קראַנקן־שטיבן.

שפּעט אין דער נאַכט האָבן יידן מיט פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ, מיט הענגענדיקע הענט זיך געזאַמלט אינעם לאַנגן, האַלב־פינצטערן קאָרידאָר, לעבן דער שטוב ווו חנה איז געלעגן. זיי זיינען געגאַנגען אויף די שפּיצפינגער און שטיל, מיט געדעמפּטע, צימערדיקע שטימען זיך נאָכגעפרעגט אויף חנהס געזונט־צושטאַנד.

— די דאָקטוירים זיינען איצט דרינען ביי איר, — האָט זיך עמעץ מיט אַ שעפּטשענדיק קול אָנגערופן.

לעבן אַ פענצטער איז אויף אַ שטול געזעסן חנהס מאַמע, דבורה, און שטיל, יאָמערלעך געקלאָגט.

דער שוואַרצער משה, דבורהס אַ קרוב, אַן עלטערער ייד מיט אַ געשוואָלן, צעקלאַפּט פּנים און האַלב־אויסגעפּליקטער באָרד, האָט ביי דער שוואַכער שיין פון נאַפט־לעמפּל אויפן טישל אָנגעהויבן זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים. עטלעכע יידן האָבן זיך דערנענטערט און גענומען מיטזאָגן. דער מאָנאָטאָנער ניגון האָט אומעטיק אַראָפּגעקלונגען פון די זיך שאָקלענדיקע שאָטנס אויף דער וואַנט און זיך צונויפגעמישט מיט דבורהס שטילן געיאָמער.

די טיר פון דער שטוב, ווו חנה איז געלעגן, האָט זיך געעפנט. דער תהילים־ניגון איז איבערגעריסן געוואָרן. צוויי דאָקטוירים זיינען אַרויסגעקומען. די יידן האָבן זיי שטום אָנגעקוקט. דער ערשטער דאָקטאָר, אַ גרויער, האָט אַ וויל מיט אַ טרויעריקן בליק באַטראַכט די יידן, שטומערהייט מיט אַ הילפלאָזער באַוועגונג צעשפּרייט די הענט און פאַרבייגעגאַנגען.

דבורה איז, שלינגנדיק די טרערן, צוריק אַריינגעגאַנגען צו דער טאָכטער. דער אומעטיקער תהילים־ניגון האָט ווידער אָנגעהויבן צו קלאָגן, צו בעטן רחמים.

דער נאַכטוועכטער איז צוגעקומען און מיט אַ שטיל צודרינגלעך קול זיך געוואָלט דערוויסן, ווער דאָס איז, וואָס ליגט דרינען.

אַ יידישע טאָכטער. — האָט אים אַן עלטערע פרוי געענטפערט.

חנה האָט געגוססט.

איר מאַמע, דבורה, איז געזעסן לעבן בעט און מיט שטאַרע אויגן געקוקט אויף דעם באַרג ווייסע לייוונט, מיט וועלכן חנהס קאָפּ און פּנים זיינען געווען אַרומגעוויקלט.

פּאַרטאָג האָט זיך חנה אויף אַ קורצער ווייל אויפגעכאַפּט פון אומבאַוווסטזיין. זי האָט מיט איר איינציק, קוים אָנזעעוודיק אויג געקוקט אויף דער מאַמען און שווער באַוועגט מיט די געשוואָלענע ליפּן.

דבורה האָט מיט אויפלעבנדיקער האָפענונג אין האַרץ פאַרהאַלטן דעם אָטעם. זי האָט זיך צוגעבויגן צו איר.

— מאַמע... — האָט חנה מיט אַן אָפּשטאַרבנדיק קול שטיל געשעפּטשעט: איך בין גליקלעך... וואָס מיט מיר... איז נישט געשען... וואָס מיט יענע... —

חנהס ליפּן האָבן אויפגעהערט זיך באַוועגן.

דבורה איז מיט אַ פאַרשטיקטן שלוכץ אַרויפגעפאַלן אויפן בעט.

# ערב באַפרייונג

1

ס'איז געווען אַ הייסער, תמוזדיקער טאָג, אַרום מיטאָגצייט. די לופט איז געווען שווער און אומבאַוועגלעך. קיין פיצל ווינטל. די זון האָט נאָך באַלד אין דער פרי אָנגעהויבן צו ברענען, און וואָס העכער זי איז אַרויף אויפן הימל, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די היץ. אין דאָרף האָט מען כמעט נישט געזען קיין לעבעדיק באַשעפעניש. אַלץ איז אַנטלאָפן פאַר די ברענענדיקע זונענשטראַלן אין שאָטן אַריין. איבערן גאַנצן דאָרף איז געלעגן אַ דריפלענדיקע שטילקייט. נאָר די הינער הינטער די כאַטעס האָבן אומדערמידלעך געגראַבלט אין מיסט. טײלמאָל האָט אַ האָן אַ פאָך געטאָן מיט די פליגל און זיך צעקרייט, איבעררייסנדיק אויף אַ ווייל די שטילקייט. די לופט אין דער האַלב־פינצטערער קאַמער, וווּ יוסף מיטן ווייב און קינדער זיינען געלעגן באַהאַלטן, איז געווען פייכט און דעמפיק. ס'איז שווער געווען צו אָטעמען. ערגעץ פון אַ ווינקלדיקער שפאַרע נעבן דאַך האָט שטיפעריש אַריינגעשלייכט זיך אַ שמאָלער, שטויביקער זונענשטראַל און שוואַך, קוים באַלויכטן דאָס קעמערל. דער אַריינפאַלנדיקער זונענשטראַל האָט פון דעם נאָענטן קאַרשנבוים מיטגעבראַכט מיט זיך און פאַרשפרייט איבער דער קאַמער דעם ריח פון צייטיקע קאַרשן.

די קינדער זיינען הונגעריקע געלעגן פאַרשמאַכט אין אַ ווינקל און האָבן מיט בענקשאַפט אין די אויגן געקוקט אויפן שמאָלן פאַסיקל ליכט, וואָס האָט דערציילט פון גאָר אַן אַנדערער, פרייער וועלט.

יוסף האָט מיט אַן אומעט אין האַרצן געקוקט אויף די לינג=

דיקע קינדער און אומגעדולדיק געוואַרט אויפֿן פֿאַרנאַכט, ווען דער באַלעבאָס, וואָס איז באַלד אין דער פֿרי אַוועקגעגאַנגען אין שטאָט אַריין, וועט צוריקקומען און וועט אפשר ברענגען פֿרישע און חיכטיקע נייעס.

ביילע, יוספס ווייב, איז געווען קראַנק. צוגעדעקט מיט אַ טונקעלע קאָלדרע, איז זי געלעגן אויף דער ערד אויף אַן אויס־געבעטן ביסל שטרוי און האָט מיט ברייט־צעעפֿנטע אומנאַטירלעך־גלאַנצנדיקע אויגן געקוקט שטאַר פֿאַר זיך. אירע שוואַרץ־גרויע האָר זיינען אין אומאָרדנונג געלעגן צעוואָרפֿן איבער דער שמוציקער קישן. זי האָט גיך און אָפּגעהאַקט געאָטעמט. פֿון צייט צו צייט האָט זיך פֿון איר ברוסט אַרויסגעריסן אַ טעמפּער, טרוקענער הוסט. כדי דעם הוסט צו פֿאַרטויבן, פֿאַרשטעלט זי זיך דאָס מויל מיטן טיכל, וואָס זי האַלט אין דער האַנט, און דער הוסט קלינגט דעמלט הויל, ווי פֿון אַ פּוסטער פֿאַס.

נאָכמיטאָג איז דער זונען־שטראַל פֿאַרשוווּנדן. דער הימל האָט זיך אָנגעהויבן צו באַדעקן מיט טונקעלע און שווערע וואָלקנס. פֿאַרנאַכט, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעמדיקער גאָסרעגן, זיינען די קינדער געשלאָפֿן. איבערגעוועקטע פֿון די קנאַלנדיקע דונערס, זיינען זיי ווייטער שטילערהייט געלעגן צוגעטוליעטע צו זיך און ציטערנדיקע פֿון שרעק. ווי יעדן פֿאַרנאַכט, איידער דער באַלעבאָס פֿלעגט אַריינברענגען עסן, זיינען זיי געווען שטאַרק הונגעריק. אָבער אפֿילו די קליינע, דריי־יעריקע ניטעלע האָט אויך שוין פֿאַרשטאַנען, אַז מען דערלאַנגט נישט קיין עסן מוז מען ליגן רואיק און שטיל.

ס'איז געוואָרן שפּעט. אין דער קאַמער איז שוין אינגאַנצן פֿינצטער. יוסף האָט זיך אָנגעהויבן צו באַאומרואיקן:

„וואָס האָט דאָס געקענט געשען?... סטאַך האָט דאָך שוין לאַנג באַדאַרפֿט צו זיין מיט עסן!... און אפשר, איז אים איינ־געפֿאַלן אַ געדאַנק, איז ער נאָך נישט צוריקגעקומען פֿון דער שטאָט און די באַלעבאָסטע האָט פֿאַרגעסן...“

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ ווינקל און האָט, אַוועקרוקנדיק אַ ברעט, פֿאַמעלעך זיך אַדורכגעשטופּט. ער האָט געמאַכט עטלע־כע טריט, איז געבליבן שטיין און האָט געהאָרכט. ס'איז שטיל. אינדערפֿינצטער האָט ער אָנגעטאַפּט די קליאַמקע, פֿאַמעלעך זי אַראָפּגעדרוקט און פֿאָרזיכטיק אויפֿגעעפֿנט די טיר. מיט אַ פֿאַר־האַקטן אָטעם האָט ער זיך צוריקגעצויגן. אַ קאַלטער שווייס האָט

אים באַשלאָגן. ער האָט קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך צוגעשלעפּט צום דורכגאַנג, אַדורכגע־שטופּט זיך און, נישט פאַררוקנדיק דאָס ברעט, ווי אין אָנמאַכט אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער ערד.

2

מאַריאַ האָט געבאַקן ברויט. מיט אַ רויט, פאַרשוויצט פּנים איז זי געשטאַנען בײַם געעפנטן אויוון און האָט אַרײַנגעקוקט אינעווייניק, צי ס'ברויט באַקט זיך. זי האָט צוריק פאַרמאַכט דעם אויוון, פעסטער זיך אַרומגעבונדן דאָס ווייסע טיכל אַרום קאָפּ און איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער. אָפּווישנדיק זיך דעם שווייס פון פּנים, האָט זי פון צווישן די בלומענטעפּ אויפן פענצטער אַרויסגעקוקט אינדרויסן לענגאויס דעם וועג.

„ס'וועט רעגענען, האָט זי אַ טראַכט געטון,דערזעענדיק די שוואַרצע וואָלקנס אויפן הימל, דער רעגן וועט שוין טרעפן סטאַכן אויפן וועג".

עס האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן אַ ווינט. מאַריאַ האָט פאַרמאַכט דאָס פענצטער. דער ווינט, פון אָנהויב אַ שוואַכער, כמעט אַ שטי־פערישער, איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. ער האָט געבלאָזן מיט אַ מוראַדיקער קראַפט, זיך געראַנגלט מיט די יונגע ביימלעך נעבן פענצטער און אויפגעהויבן אויפן וועג גאַנצע וואָלקנס שטויב. כ'איז געוואָרן וואָס אַמאָל פינצטערער. באַלד נאָך דעם ערשטן דונער האָט אַ פלייץ געטון אַ גאָסרעגן. ס'איז געוואָרן אינגאַנצן פינצטער. די דונערס האָבן אָן אויפהער געקנאַלט, דער רעגן האָט האַסטיק געפּויקט איבער די שויבן, און די שטוב איז יעדע רגע אויף אַ קורצן אויגנבליק באַלויכטן געוואָרן מיט אַן אומנאַטירע־לער־העל, בליצנדיק ליכט.

„סטאַך וועט שוין ווערן אַדורכגעווייקט ביז צום העמד" האָט מאַריאַ געשאָקלט מיטן קאָפּ, אָנצינדנדיק דעם נאַפט־לאָמפּ. זי האָט פאַרהאָנגען דאָס פענצטער און איז צוגעגאַנגען צום אויוון. צוזאַמען מיטן ריח פון פריש געבאַקן ברויט האָט פונעם געעפנטן אויוון געגעבן אַזעץ אַרויס אַ היץ, אַז ס'איז שווער געווען צו אָטעמען. מאַריאַ האָט רואיק, פּאַמעלעך אַרויסגענומען אַ גרויס, קײַלעכדיק ברויט און עס באַטראַכט.

— נו, — האָט זי אַ זאָג געטון צו זיך — דאָס ברויט איז שוין אָפּגעבאַקן.

זי האָט אָנגעהויבן אַרויסצונעמען די רעשט ברויט.

מיטאַמאָל האָט דער הונט אינדרויסן אָנגעהויבן צו בילן. „ווער קאָן דאָס זיין אין אַזאַ רעגן?“ איז מאַריאַ געוואָרן אומרואיק.

זי האָט קוים צייט געהאַט צו באַהאַלטן טעלעכע ברויט אין שענקל אַריין — ווי פאַר צוויי מאַן האָט די צאָל ברויט געקאָנט זיין פאַרדעכטיק פאַר אַ פרעמדן — ווי אין פאָדערהויז האָט זיך דערהערט אַ גערויש. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז מאַריאַ צוגע־לאָפן צו דער טיר און זי אויפגעעפנט.

— זאָל זיין געלויבט יעזוס כריסטוס!

— אַ, יאַנקע! — האָט מאַריאַ געענטפערט אָן שום באַזונדע־רער פרייד — אויף אייביקע צייטן, אָמן!

אַ יונגע, דיקלעכע פרוי, אינגאַנצן אַדורכגעווייקט פון רעגן, מיט נאַסע, צעשויבערטע האָר און אַ צעפלאַמט פּנים איז, פינקלענ־דיק מיט די אויגן פון דעם ליכט, געשטאַנען אין דער טיר און האָט, שווער אָטעמדיק פון לויפן, אָפּגעקלאַפּט די בלאָטע פון די שיך. הינטער איר איז געשטאַנען אַ יונגער, הויכער פויער מיט אַ דרייסט, פון ווינט אָפּגעברענט פּנים און כיטרע, דורכגעטריבענע אויגן.

מאַריאַ איז בלאַס געוואָרן, דערזעענדיק אים.

— ביטע, קומט אַריין! — האָט זי זיי אַריינגעבעטן אין שטוב אַריין.

די יונגע דיקלעכע פרוי האָט אַריבערגעטרעטן די שוועל. אַ פויערישע שיינהייט. אַ ברייט, פריש און געזונט פּנים, אַביסל צו דיק. דער ברייטער שמייכל אויף איר פּנים איז געווען פול מיט צו־פרידנקייט. מיט צופרידנקייט סיי פון זיך, סיי פון לעבן.

— האָסט געזען? — האָט זי געצויגן די ווערטער פאַמעלעך מיט אַ דין, צעפּיעשטשעט קולכל, וואָס איז נאָר פאַראַן ביי פרויען דיקלעכע, וועלכע האַלטן אין פעט ווערן און זיינען זייער צופרידן פון זיך. — אַזאַ רעגן!... מיר וועלן דאָ ביי דיר, מאַריאַ, איבערוואַרטן, ביז ס'וועט אויפהערן צו רעגענען.

זי איז גלייך צוגעגאַנגען צו דעם קרומען, פאָרויס־אַרויסגע־בויגענעם שפּיגל אויף דער וואַנט און האָט אָנגעהויבן זיך צו פאַר־קעמען די צעשויבערטע האָר.

דער הויכער פויער, איר מאַן, האָט זיך צעשמייכלט, דער־

זעענדיק די בלאַסקייט אויף מאַריאַס פּנים. ער האָט געוווּסט, אַז מען איז אים חושד, אַז ער האָט פּאַראַיאָרן אויסגעגעבן די יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן ביי אַ פּויער אין צווייטן עק דאָרף, און ער האָט נישט געמאַכט דערפון קיין סוד.

— וואָס זענט איר אַזוי בלאַס געוואָרן, מאַריאַ? — האָט ער זיך צעלאַכט, וויצלענדיק זיך. — איר האַלט דען דאָ ביי זיך יידן?

יאַנקע האָט אין שפּיגל זייטיק אַ קוק געטון אויף מאַריאַן.

ביסט שוין דאָ מיט דיינע וויצן! — האָט זי פון שפּיגל אַרויס זיך געבייזערט אויף איר מאַן.

מאַריאַ האָט בלומרשט אַ שמייכל געטון.

— ביטע זעצט זיך. — האָט זי געזאָגט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן און אָפּווישנדיק מיטן פאַרטעך אַ בענקל.

— ווו איז ערגעץ דיין מאַן, מאַריאַ? — האָט יאַנקע גע-פרעגט, אויסגלייכנדיק זיך דעם לעצטן לאָק אויפן שטערן.

— ער איז אינדערפרי געגאַנגען אין שטאָט אַריין — האָט מאַריאַ געענטפערט, צוגייענדיק צום אויוון — דער רעגן האָט אים אוודאי געטראָפן אין מיטן וועג.

— ער וועט אויך אַדורכגעווייקט ווערן אַזוי ווי מיר. — האָט יאַנקע זיך צעלאַכט, אַוועקגייענדיק פון שפּיגל.

מאַריאַ האָט מיט ציטערדיקע הענט אַרויסגענומען די רעשט ברויט פון אויוון, וואַרפנדיק דערביי זייטיק מיט דערשראָקענע אויגן באַהאַלטענע בליקן אויף זיי.

האָבן זיי נישט אַמאָל זיך עפּעס דערוווּסט? — האָט זי, מיט אַן אומרואיקייט אין האַרץ, געטראַכט.

— אוי, איז דאָ אַ היץ! — האָט יאַנקע אויסגערופן, פאָכנדיק זיך דאָס פּנים מיטן קאָלירטן טוך, וואָס זי האָט געהאַט פאַר-וואָרפן אויף די אַקסלען — וואָס איז דאָס געשען? אומעטום באַקט מען היינט ברויט.

— אַלע ווילן זיך פאַרזיכערן, מאָמער דערנענטערט זיך דער פראָנט, — האָט יאַנקעס מאַן געזאָגט מיט אַ גרינגשעצנדיקן שמייכל אויפן פּנים — מענטשן ריכטן זיך, אַז די דייטשן וועלן אַ ליאַדע פּאָג אַנטלויפן. אוי, נאַראָנים, נאַראָנים, — האָט ער קלוג געשאָקלט מיטן קאָפּ. — די דייטשן זיינען נאָך גענוג שטאַרק. זיי וועלן די רוסן נישט אַריבערלאָזן איבערן בוג.

מאַריאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים טיש. זיי האָבן גערעדט פון וועטער, פון דעם גוטן נערעטעניש היי-יאָר. אָבער דער שטועס

איז געווען אַ לאַנגווייליקער און שלעפעריקער. מאַריאַ איז געווען פאַרנומען מיט אירע אומרואיקע געדאַנקען און האָט דעריבער נישט אונטערגעהאַלטן דעם שמועס. יעדע ווייל האָט זי זיך אויפגעכאַפּט אַ צעטומלטע, ווי פון שלאָף.

דער רעגן אינדרויסן איז געוואָרן אַביסל שוואַכער. יאַנקעס מאַן איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט.

— ס׳וועט באַלד אויפהערן צו רעגענען, — האָט ער געזאָגט.

אַ ווייל האָבן אַלע געשוויגן.

— דאָס ברויט איז שוין אוודאי אָפּגעקילט, — האָט מאַריאַ געזאָגט, אויפשטייענדיק, און איז צוגעגאַנגען צו דער באַנק, אויף וועלכער דאָס ברויט איז געלעגן.

זי האָט גענומען אַ ברויט אין דער האַנט אַריין און עס באַטראַכט, צי ס׳איז גוט אויסגעבאַקן. און באַטראַכטנדיק דאָס ברויט, האָט זי פּלוצעם דערהערט פון ערגעץ אַ שטילן, קוים דערהערבן שאָרך. ס׳האַרץ האָט איר אָנגעהויבן ווילד צו קלאַפּן. זי האָט אויפגעעפנט דאָס מויל עפּעס צו זאָגן, כדי מיט דעם געבן אַ צייכן, אַז ס׳איז עמעץ דאָ אין שטוב, זי האָט אָבער פון דער פאַרדרענגטער קעל נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין שום קלאַנג. זי איז ווי פאַרשטאַרט געוואָרן פון שרעק. נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט זי זייטיק אַ וואָרף געטון די אויף טויט דערשראָקענע אויגן צו דער טיר קעגנאיבער.

— אוי!

דאָס ברויט איז איר אַרויסגעפאַלן פון די הענט. זי איז געבליבן שטיין אַראָפּגעבויגענערהייט און האָט מורא געהאַט אַ קוק צו טון אויף יאַנקען.

זי האָט אים אוודאי אויך געזען, — האָט אין איר געפּלאַטערט דאָס האַרץ.

ס׳האָט פּלוצעם אַ קנאַל געטון אַ הילכיקער דונער. יאַנקעס מאַן האָט זיך צוריקגעצויגן פון פענצטער. מאַריאַ האָט אַ ציטער געטון און פאַמעלעך מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם אויפגעהויבן די אויגן. יאַנקע איז געזעסן אויסגעבויגן אין אַ זייט צום שפּיגל און האָט זיך געשפּיגלט.

און אפשר האָט זיך מיר נאָר אויסגעדוכט, — האָט מאַריאַ אָנגעהויבן צו צווייפלען און אַ קוק געטון צו דער טיר. די טיר איז

אָפּגעלענט. גלייכצייטיק דערהערט זי יאַנקעס דין, צעקראָכן און פאַרוואונדערט קולכל:

— ווער האָט געעפנט די טיר?... זי איז דאָך מיט אַ רגע פריער געווען פאַרמאַכט!

— זי האָט זיך פונעם דונער אוודאי אַליין געעפנט — האָט יאַנקעס מאַן געזאָגט.

— וואָס איז דיר, מאַריאַ? — האָט יאַנקע אויסגערופן, דער־זעענדיק מאַריאַס פּנים אָן אַ טראָפּן בלוט — צי ביסטו חלילה נישט געזונט?

— ניין, ס'איז מיר גאָרנישט, — האָט מאַריאַ זיך געצוואונגען אַ שמייכל צו טון.

עס דאַכט זיך איר, אַז יאַנקעס קול איז פול מיט פאַלשקייט און חוזק. מיט אַ דערשראָקענעם בליק האָט זי אַ קוק געטון אויף איר פּנים און דעריזען אירע היפּשע, צודרינגלעכע אויגן און אַ קוים איינגעהאַלטענעם שפּאָטיקן שמייכל אויף אירע ליפּן.

זי האָט אים זיכער געזען, — טראַכט מאַריאַ מיט וואַקסנ־דיקער שרעק.

יאַנקע רעדט עפּעס צו איר. מאַריאַ האָט געקוקט אויף איר מויל, וואָס האָט זיך באַוועגט, און נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט. מיטאַמאָל האָט איר אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן. זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, כדי נישט אומצופאַלן און שווער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל. זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און אָפּגעווישט זיך דעם שווייס פונעם שטערן.

— וואָס איז דיר, מאַריאַ? — האָט יאַנקע זיך דערשראָקן.

— ס'איז מיר עפּעס נישט גוט געוואָרן, — האָט מאַריא גע־ענטפערט מיט אַ שוואַך קול. — אָבער ס'איז מיר שוין בעסער.

— ס'איז פון דער היץ.

— ס'קאָן זיין, — האָט מאַריא געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— וולאדעק, — האָט יאנקע זיך געוואָנדן צו איר מאן — עפן אויף דאָס פענצטער. דאָ איז אומדערטרעגלעך הייס.

— און אפשר האָט זי אים נישט געזען? — האָט מאַריאַ ווי־דער אָנגעהויבן צו צווייפלען. זי האָט זיך געוואָלט באַהערשן. אָבער די אומרואיקייט אין איר האַרץ איז נישט געוואָרן שוואַכער. עס האָט זיך איר ווידער געדאַכט, אַז אויף יאַנקעס פּנים ליגט אַ שפּאָטי־קער פאַראַכטנדיקער שמייכל.

יאַנקע פרעגט זי עפּעס. ס'דויערט אַ לענגערע ווייל, ביז די פראַגע דערהייט צו איר באַוווּסטזיין. כדי די אומרואיקייט צו פאַרטריבן, האָט זי אָנגעהויבן עפּעס צו דערציילן. זי האָט אָבער גערעדט זייער שנעל, אָפּט זיך טועה געווען און, אָנטרעפנדיק בליצעם אויף יאַנקעס מאַנס דורכגעטריבענע אויגן, האָט זי זיך פאַרפּלאָנטערט און צום סוף אינגאַנצן פאַרגעסן, וואָס זי האָט געוואָלט דערציילן. אַן אָפּהענטיקע און דערשלאָגענע איז זי אַנטשוויגן געוואָרן און געבליבן זיצן אויפן בענקל אייגנהויקערטערהייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

יאַנקע איז אויפגעשטאַנען.

— מאַריאַ, לייג דיך אין בעט אַריין, — האָט זי געזאָגט, אַרויפלייגנדיק אַ האַנט אויף מאַריאַס אַקסל — דו ביסט קראַנק. ס'רעגנט נאָך, וולאַדעק?

— אַביסל.

— טאָ קום. מיר וועלן שוין גיין. מאַריא פילט זיך נישט גוט

— יאָ, לאָמיר גיין. — האָט וולאַדעק געזאָגט, אָנטוענדיק דאָס היטל — איך מוז מאָרגן פרי אויפשטיין.

— בלייב געזונט, מאַריאַ! — האָט יאַנקע זיך געזעגנט. און אַרויסגייענדיק, שוין זייענדיק אין דער טיר, האָט זי נאָך אַמאָל מאַריאַן דערמאָנט:

— נאָר פאָלג מיך, מאַריאַ, לייג דיך באַלד אין בעט אַריין.

3

ווען סטאַך, מאַריאַס מאַן, איז אַהיימגעקומען, איז מאַריאַ נאָך געזעסן אויפן בענקל אומבאַוועגלעך, פאַרזונקען אין אומרואיקע געדאַנקען. זי האָט לייכטער אויפגעאָטעמט, ווי אַ שטיין וואָלט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איר האַרץ, דערהערנדיק דאָס שטילע און פריידיקע בילן פונעם הונט אינדרויסן. ווען זי האָט אָבער דערזען דעם מאַנס מוטנע, בגלופינדיקע און פאַרקלעגערטע אייגעלעך, האָט זי באַשלאָסן אים גאָרנישט צו דערציילן.

ס'איז נישטאָ מיט וועמען צו ריידן... — האָט זי אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, העלפנדיק אים אויסטאָן זיך. זי האָט אפילו פאַרגעסן צו מאַכן אים, ווי תמיד, אַ פאָרוואורף פאַר זיין טרינקען. ער האָט נאָך אַ צייט, שוין ליגנדיק אין בעט, עפּעס געמורמלט

און איז צום סוף איינגעשלאָפֿן מיט אַ האַרטן און שנאָרכנדיקן שלאָף.

מאַריאַ איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן. זי האָט זיך גע־דרייט פֿון איין זייט אויף דער צווייטער און נישט געקאָנט קיין אָרט געפֿינען. אין דער נאַכטשטילקייט איז דער אומרו אין איר האַרץ געוואָקסן און געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. זי האָט בולט געזען פֿאַר זיך יאַנקעס היפּשע, צודרינגלעכע אויגן און געהערט איר דין, צעקראָכן קולכל, וואָס האָט געקלונגען מיט צביעות און חוזק, און איז געווען זיכער, אַז זי האָט יוספֿן געזען. זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, ווי האַרציק זי האָט זיך מיט איר גע־זעגנט און ווידער אָנגעהויבן צו צווייפֿלען. עטלעכע מאָל אין דער נאַכט איז זי מיט אַ פֿאַרהאַקטן אָטעם אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט און צוגעלאָפֿן צום פֿענצטער. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז עמעץ דרייט זיך אינדרויסן. זי האָט געקוקט אין דער פֿינצטערניש אַריין, זי האָט אָבער קיינעם נישט געזען. די יונגע ביימלעך אינדרויסן האָבן שטיל געררוישט. ערשט פֿאַרטאָג האָט זי אָנגעהויבן שוואַך צו דרימלען. ס׳האָבן זיך איר געחלומט דייטשן. זי זעט דורכן פֿענצטער ווי ס׳קומט אָן אויטאָ פֿול מיט זשאַנדאַרמען. יאַנקע שטייט צווישן זיי אין מיטן. זיי שפּרינגען אַראָפּ פֿונעם אויטאָ און רינגלען אַרום דאָס גאַנצע הויז. עטלעכע זשאַנדאַרמען גייען אַריין אין פֿאָדערהויז. יאַנקע גייט פֿאָרויס.

מיט אַ פֿאַרשטיקט געשריי האָט זי זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. אַ ווייל איז זי געלעגן מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און האָט מיט מטושטשע אויגן געקוקט אין דער פֿינצטערניש. מיטאַמאָל האָט זי זיך דערמאָנט אינעם חלום. דאָס האַרץ האָט איר אָנגע־הויבן נאָך שטאַרקער צו קלאַפּן. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט און צוגעלאָפֿן צום פֿענצטער.

אינדרויסן איז שטיל. דער הימל איז שוין העל־גרוי, די שטערן — בלייך, ס׳הייבט אָן צו טאָגן.

ס׳הערט זיך אַ גערויש פֿון אַ פֿאָרנדיקער פֿור. דאָס גערויש ווערט שטאַרקער, די פֿור דערנענטערט זיך. מאַריאַ האָט אינ־סטינקטיוו זיך צוריקגעצויגן טיפֿער אין דער שטוב אַריין, דער־זעענדיק אויף דער פֿור יאַנקעס מאַן. מיטאַמאָל דערזעט זי, ווי ער דרייט אויס דעם קאָפּ און קוקט צודרינגלעך אַהער צום פֿענצטער. זי האָט פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם, ווי ער וואָלט אים נאָך געקאָנט פֿונ־

ווייטן דערהערן. די פור איז פאַמעלעך פאַרביי־געפאָרן. פּלוצעם האָט זי אויפגעשווידערט פון שרעק:

וואָס האָט ער עפּעס אַזוי דאָ אַהערגעקוקט?... און וואָהין פאָרט ער אַזוי פרי?...

— סטאַך!... סטאַך! — איז זי־ציטערנדיק פון אימה, צוגעלאָפן צום בעט.

סטאַך האָט נישט מיט נישט לעבעדיק געגעבן זיך אַ זעץ אויף און מיט איין שפרונג אַראָפּ פונעם בעט.

— וואָס איז געשען?! — האָט ער מיט צעלאָפענע אויגן אַרומגעקוקט זיך.

— סטאַך, — האָט זי, אָטעמענדיק גיך, גערעדט — יאַנקע האָט נעכטן ביינאַכט געזען יוספן!

— וואָס?!... ווי אַזוי?!

— זי איז נעכטן, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער שטורעם, איינגעאַנצן אַן אַדורכגעווייקטע, אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין. זי איז דערנאָך געזעסן דאָ ביים טיש, קעגנאַיבער דער טיר. פּלוצעם האָט זיך די טיר געעפנט און יוסף האָט געוואָלט אַריינגיין.

— נו? — האָט סטאַך פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

— ער האָט זיך צוריקגעצויגן, דערזעענדיק יאַנקען.

— זי איז דאָ געווען אַליין?

— ניין, מיט וולאַדעקן. נאָר וולאַדעק האָט פונקט דעמלט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער.

סטאַך האָט פּלוצעם דערשפּירט אַ מידקייט אין אַלע גלידער, ווי נאָך אַ שווערער, פאַרמאַטערנדיקער אַרבעט. ער האָט זיך אַני־דערגעזעצט אויפן בעט.

— זי האָט עפּעס געזאָגט יאַנקע? — האָט ער געפרעגט.

— ניין... יאָ! זי האָט זיך געפרעגט, ווער ס'האָט געעפנט די טיר.

— און וואָס האָסטו געענטפערט?

— גאָרנישט. איך האָב נישט געקאָנט עפענען דאָס מויל. איך בין איינגעאַנצן ווי פאַרשטאַרט געוואָרן פון שרעק. נאָר וולאַ־דעק האָט געזאָגט, אַז די טיר האָט זיך אוודאי אַליין אויפגעעפנט.

— און אפשר האָט זי אים נישט געזען?

מאַריאַ האָט אַ ווײַלע געשוויגן, ווי זי וואָלט אויך געצווייפלט.

— ניין! — האָט זי אויסגערופן און אָנגעהויבן אָנצוטאָן זיך

— זי האָט אים זיכער געזען! וואָלאָדעק איז שוין געפאָרן אין שטאָט אריין.

— ווען?!

— ערשט צוריק מיט א רגע איז ער דאָ פאַרביי געפאָרן.

סטאַך איז געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך, ווי געלײמט.

— ער איז געפאָרן צו וויסן געבן די דייטשן... — האָט ער מיט ציטערדיקע ליפּן געשעפּטשעט.

מיט צעטרייסלטע הענט האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זײַן אָנטועכץ.

— גיכער!... גיכער!... — האָט ער גערעדט אָפּגעהאַקט, אַרויפציענדיק די שטיוול. — מיר קאָנען דאָ באַלד האָבן דייטשן!

אין איין שרעק זײַנען זיי אַרויסגעלאָפן פון שטוב, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן אין די איבערגעבליבענע ייִדן אין הייזל.

מיט הינטער־וועגן, מיט זײַטיקע סטעזשקעס צווישן צעכוואַליעטן קאָרן זײַנען זיי גיך געגאַנגען, כמעט געלאָפן אין דער זײַט צום וואַלד, אומקוקנדיק זיך מיט פּחד אין אַלע זײַטן. פאַרמאַטערטע, באַדעקטע מיט שווייס זײַנען זיי אַרײַנגעלאָפן צווישן די ביימער.

אין וואַלד איז נאָך געווען טונקל. די ביימער האָבן נאָכן נעכטיקן רעגן אויסגעזען, ווי פריש־אויסגעצוואָגענע. דער אויפמונטערנדיקער און צוגלייך באַרוישנדיקער ריח פון די נאָדל־ביימער האָט אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אַ לינד, פריש ווינטעלע האָט לייכט געבלאָזן און קוים גערוישט צווישן די ביימער־שפּיצן. וווּ־נישט־וווּ האָט זיך דערהערט אַ שטיל, ווי אומדרייסט צווישטשערן פון אַן אויפגעוואַכטן פויגל. סטאַך און מאַריאַ זײַנען באַלד אין עק וואַלד אַרויף אויף אַ הויך בערגל, פונוואַנען מען האָט געקענט זען דעם טראַקט פון ביידע זײַטן דאָרף.

די זון איז נאָך נישט געהאַט אויפגעגאַנגען. דאָס דאָרף האָט אָנגעהויבן אויסצווואַקסן. פון אַ קוימען אין מיטן דאָרף האָט גלייך ווי אַ ווירע אַרויף צום הימל — אַ צייכן אויף אַ שיין וועטער — זיך געשלענגלט אַ גרוי, דורכזיכטיק רויכל. צווישן די נידעריקע, אײַנגעהויקערטע כאַטעס מיט שטרויענע דעכער באַוואָקסענע מיט גרינעם מאָך, האָט זיך באַוויזן אַ פויערטע מיט אַן עמער אין האַנט. ס'האָט זיך דערהערט פונדערווײַטנס דער איינגאַרטיקער ברונעם־קלאַנג ביים שעפּן וואַסער. אַרום האָט געהערשט אַ שטילקייט. אַ רואיקע שלעפֿעדיקע שטילקייט. די שפּיצן פון די ביימער

זייַנען פון דער אויפגייענדיקער זון באַדעקט געוואָרן מיט אַ שימערירנדיקער גאָלדענער שיין. דער וואַלד האָט אָנגעהויבן אָפּצוהילכן מיטן געזאַנג פון פייגל. סטאַך און מאַריאַ זיינען געשטאַנען אויפן בערגל און האָבן נאָך אַלץ געציטערט פון שרעק. מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם האָבן זיי געקוקט אויף ביידע זייטן וועג. מען האָט קיינעם נישט געזען. מיטאַמאָל האָט ווייט אויפן וועג אויפגעהויבן זיך אַ גאָלדענער שטויב.

— אַ! — האָבן זיי ביידע אַ געשריי געטון און זיך באַהאַלטן הינטער די ביימער.

אַן אויטאָ האָט זיך דערנענטערט און איז, נישט פאַרלאַנגזאַמענדיק די שנעלקייט, דורכגעפאָרן דורכן דאָרף.

זיי זיינען אַזוי געשטאַנען אויפן בערגל אַ לאַנגע צייט. די זון האָט שוין געהאַט געלאָזט הינטער זיך אַ שפּאָר שטיקל הימלוועג. און זיי זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען. דערנאָך האָבן זיי מידע און פאַרשמאַכטע אַנידערגעזעצט זיך אויף דער ערד און ווייטער געקוקט. אויפן וועג און אין דאָרף האָט מען קיין שום פאַרדעכטיקע באַוועגונג נישט געזען. ס'איז געוואָרן הייס. זיי האָבן אָנגעהויבן צו דרימלען.

פּלוצעם האָט מאַריאַ אָנגעקוקט איר מאַן מיט אויפגעוואַכטע און צוגלייך דערשראָקענע אויגן.

— סטאַך! — האָט זי מיט שרעק אויסגערופן — מיר האָבן פאַרגעסן צוצושליסן די שטוב!

סטאַך איז אויך געוואָרן וואַך. אין איין רגע האָט ער פאַרגעסן אין דער געפאַר, וואָס דראָט זיי, און שוין געוואָלט לויפן צושליסן די שטוב. אָבער מאַריאַ האָט אים נישט דערלויבט צו גיין אין דאָרף אַריין. זי האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פאַר אים איז דאָס זייער געפערלעך. זי, אַ פרוי, קאָן זיך זיכער אומבאַמערקט אַדורכשלייכן צווישן די כאַטעס. סטאַך האָט זיך נאָך געקווענקלט. אָבער מאַריאַ האָט אַרויפגעכאַפּט דאָס טיכל אויפן קאָפּ און געשווינד אַראָפּגעלאָזט זיך פון בערגל.

— נאָר אייל דיך צו, מאַריאַ! — האָט סטאַך איר נאָכגעשריגן.

מאַריאַ איז געלאָפן פאַרויס, ציטערנדיק פון שרעק.

— ווער ווייסט צי מען האָט אונז חלילה נישט אַלץ אַרויסגעגנבעט פון שטוב! — האָט זי שטיל מיט אימה געשעפּטשעט צו זיך, דערזעענדיק פונדערווייטנס די האַלב אָפענע טיר פונעם הייזל.

ווען זי איז צוגעקומען נאָענט צו זייער כאַטע, האָט זי זיך פאַרהאַלטן. באַמעלעך מיט איינגעהאַלטענע טריט איז זי צוגע־גאַנגען צום עק פון שייער און מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם אַ קוק געטון אויפן הויף. דער הונט, אַן אָנגעבונדענער אויף דער קייט, איז זיך רואיק געלעגן נעבן זייןביידל און זיך געוואַרעמט אויף דער זון. מאַריאַ איז צוגעלאָפן צו דער כאַטע. דער הונט האָט אָנגע־הויבן צו טאַנצן פאַר פרייד, דערזעענדיק זי. אָבער מאַריאַ האָט אים בכלל נישט באַמערקט. זי איז אַריינגעלאָפן אין שטוב אַריין, געבליבן שטיין נעבן דער טיר און האָט מיט צעלאָפענע אויגן אַרומגעקוקט זיך. דערזעענדיק, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, האָט זי אַ כאַפּ געטון דאָס שלעסל און... איז געבליבן שטיין מיט אַ פאַר־האַקטן אָטעם.

אַ פור איז מיט אַ געטראַסקעריי צוגעפאָרן און האָט זיך פאַר־האַלטן. מיט דער בייטש אין דער האַנט האָט אין דער אָפענער טיר זיך באַוויזן וואָלאָדעק, יאַנקעס מאַן.

— אַ, מאַריאַ! — האָט ער פריילעך אויסגערופן — וואָס מאַכט איר?

— אַ דאַנק, נישקשה — האָט מאַריאַ אַ דערשטוינטע און צע־טומלטע געשטאַמלט.

— איך בין היינט באַגינען געפאָרן אין שטאָט אַריין — האָט ער ווי פאַרטייידיקנדיק זיך געשמייכלט — יאַנקע האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל צוריקוועגס אָפּטרעטן ביי אייך און געוווּיער ווערן, וואָס איר מאַכט.

— אַ דאַנק... אַ דאַנק, — האָט מאַריאַ, נאָך אַלץ אַ צעמישטע, נישט געקאָנט קומען צו זיך.

אַ קורצע ווייל איז ער נאָך געשטאַנען אין דער טיר און האָט מיט פאַרלייגנהייט אַרומגעקוקט זיך איבער דער שטוב.

— נו, בלייבט געזונט! — האָט ער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ — יאַנקע קלייבט זיך נאָכמיטאָג דאָ אהערקומען צו אייך.

דאָס געטראַסקעריי פון דער אַוועקפאָרנדיקער פור האָט ערשט מאַריאַן געבראַכט צום באַוווּסטזיין. אַ פרייד איז אויפגעע־גאַנגען אין איר האַרץ. זי האָט שנעל אויפגעהאָנגען דאָס שלעסל אויף דער טיר און אַ פריילעכע און לוסטיקע אָנגעהויבן צו לויפן צום וואַלד. איצט איז זי געווען זיכער, אַז יאַנקע האָט יוספן נישט געזען. זי איז אומגעדולדיק געלאָפן איבער די סטעזשקעס מיט אַזאַ פרייד אין האַרץ, מיט אַזאַ זאָרגלאָזיקייט, ווי אַמאָל, אַמאָל מיידל־

ווייז... פון איבערגעפולטער פרייד אין איר ברוסט האָט זיך איר אַזש געוואָלט זינגען.

## 4

סטאַך איז געשטאַנען צווישן די ביימער אויפן בערגל און האָט געוואַרט אויף מאַריאַן. ער האָט פון אומגעדולדיקייט נישט געקאָנט איינשטיין אויף אַן אָרט. מאַריאַ איז ערשט נישט לאַנג פאַרשוווּנדן צווישן די כאַטעס, אָבער אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס דויערט שוין שעהן. איצט האָט אים באַנג געטון, וואָס ער האָט זי אַזוי לייכטזיניק געלאָזט גיין אין דאָרף אַריין. ער איז שוין גרייט געווען אַליין לויפן זען, צי ס'איז חלילה נישט געשען עפּעס מיט איר, ווי ער האָט זי באַמערקט פונדערווייטנס. ער האָט לייכטער אויפגעאָטעמט און אַ באַרואיקטער אַנידערגעזעצט זיך אויף דער ערד. ער איז אָבער באַלד צוריק אויפגעשטאַנען אַ פאַרוווּנדערטער, דערזעענדיק איר מוּנטערן טראָט און צעשטראַלט פּנים. מאַריאַ האָט נאָך פונדערווייטנס פריילעך געוווּנקען צו אים מיט די הענט. זי איז געשווינד אַרויפגעלאָפן אויפן בערגל און, איילנדיק זיך מיט אומגעמינערטער פרייד אין האַרצן, האָט זי אים אַלץ דערציילט. ווען זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט סטאַך, שמייכלענדיק און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, זיך אָנגערופן:

— דו ווייסט, מאַריאַ, וואָס איך וועל דיר זאָגן? מיר פירן זיך אויף ווי קליינע און נאַרישע קינדער. ערשטנס, קאָן זיין, אַז זי האָט אים טאַקע נישט געזען און אויב יאָ, בין איך אויך זיכער, אַז זיי וועלן דאָס נישט צוטראָגן צו די דייטשן. אונדז וועלן זיי דאָס נישט טאָן. מאַריאַ האָט צושטימענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

זיי האָבן באַשלאָסן באַלד צו גיין אַהיים. פונדעסטוועגן זיינען זיי נאָך אַ צייט געווען אין וואַלד. זיי האָבן געקוקט אויפן וועג און ביי יעדן קלענסטן שטויב, וואָס האָט זיך אויף אים אויפגעהויבן, פאַרהאַלטען דעם אָטעם. די זון האָט שוין אָנגעהויבן אַראָפּצונידערן אויף מערב-זייט, ווען זיי האָבן אַנטשלאָסענע אַראָפּגעלאָזט זיך פון בערגל און אָנגעהויבן צו גיין אין דאַרף אַריין.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו זייער כאטע, האָט זיי באַגעגנט אַ פריילעך פארכליפּענדיק געבילערייי פון זייער הונט. מאריא האָט אויפגעשלאָסן די טיר און סטאַך האָט דערווייל מיט ליבשאַפט געגלעט דעם הונט, וועלכער האָט געטאנצט פון פרייד. פאַמעלעך,

מיט צוריקגעהאַלטענע טריט זיינען זיי מיט עפּעס אַזאַ פרייד־יק־האַרציקלאַפּעניש, ווי צו אַ לאַנג דערוואַרטעטן און לאַנג געגאַרטן אָרט, אַריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין.

סטאַך האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער באַנק בײַם פענצטער און, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָנזעטיקן מיט דעם אָנבליק פון יעדן קענגשטאַנד באַזונדער, פאַמעלעך אַרומגעקוקט זיך איבער דער שטוב. ער האָט שווער געאָטעמט.

מאַריאַ האָט באַלד געכאַפּט אַן עמער און איז אַרויסגעלאָפן אויסמעלקן די קו. זי איז אין עטלעכע מינוט אַרום אַריינגעקומען און געשווינד זיך גענומען אָפּקאָכן עפּעס וואַרעמס. זיי זענען דער־נאָך געזעסן בײַם טיש און געגעסן מיט אַזאַ פרייד־יק געפיל אין די הערצער, ווי אַמאָל באַלד נאָך זייער חתונה. סטאַך האָט נישט אויפגעהערט זיך אַרומצוקוקן, ווי ער וואָלט נישט געגלויבט, אַז ער געפינט זיך אין זיין אייגענער שטוב.

באַלד נאָכמיטאָג האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו גרייטן אויף יאַנ־קעס וויזיט. זיי האָבן געעפנט דעם אַריינגאַנג צו דער קאַמער און פון יענער זייט געבן דער טיר אַנידערגעשטעלט אַ קיישל מיט קאַר־טאָפל. מאַריאַ האָט געהאַלטן אין איין אַרויסקוקן דורכן פענצטער און איז יעדע רגע גרייט געווען, ווי נאָר זי וועט דערזען יאַנקען, אַריינצולויפן אין דער קאַמער אַריין און, בעת איר אַריינקומען אין שטוב, צוריק אַרויסגיין מיטן קיישל קאַרטאָפל. ס'האָט זיך זיי גע־ראַכט, אַז מיט דעם וועלן זיי צעשטרייען יעדן פאַרהאַנענעם חשד בײַ יאַנקען.

אָבער יאַנקע איז בכלל נישט געקומען. זיי האָבן געוואַרט אומ־געדולדיק, ביז שפּעט אין דער נאַכט. סטאַך איז אַ פּאָר מאָל אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן. ער האָט געקוקט אין דער שטילער, שווייגנדיקער פינצטערניש און אומזיסט געוואַרט אויף די געגאַר־טע טריט.

מיט אַ שווער געמיט האָבן זיי זיך געלייגט שלאָפן. די אומ־רואיקע שרעק האָט ווידער אויפגעטויכט אין זייערע הערצער. איצט האָט מאַריאַ זיך דערמאָנט ווי וולאַדעק, יאַנקעס מאַן, האָט היינט אין דער פרי עפּעס אַזוי פאַרדעכטיק אַרומגעקוקט זיך איבער דער שטוב און נאָר אויף אַ לאַנגער וויל פאַרהאַלטן זיין בליק אויף דער טיר צו דער קאַמער.

יאָ האָט זי מיט וואַקסנדיקער שרעק געטראַכט און איבער־

געדרייט זיך אויף דער צווייטער זייט, זי האָט אים אויף זיכער געזען!".

— דו שלאָפסט נישט, מאריא? — האָט סטאך געפרעגט.

— ניין. און דו?

— איך האָב זיך איצט איבערגעוועקט. שלאָף, קלער נישט אזוי פיל.

אָבער זיי האָבן ביידע נישט געקאָנט אנטשלאָפן ווערן. זיי זע־נען געלעגן מיט אָפענע אויגן, געקלערט און צוגעהאָרכט זיך צו דער שטילקייט אינדרויסן. סטאך האָט מיט באדויערן געטראכט וועגן דעם, וואָס ער האָט זיי בכלל ארייַנגעלאָזט.

פארטאָג איז אים פלוצעם געקומען אויפן געדאנק, אז ער קאָן ראָך זיי איצט משלח זיין און מיט איינמאָל פטור ווערן פון דער גאנצער שרעק. פון גרויס וווּנדער, וואָס דאָס איז אים באלד נישט איינגעפאלן, האָט ער זיך אזש אויפגעזעצט אויפן בעט.

— וואָס איז געשען? — האָט מאריא זיך דערשראָקן.

— אוי, זענען מיר נאראָנים... — האָט ער אינדערפינצטער געשאָקלט מיטן קאָפ. — מיר ציטערן פארן לעבן און קאָנען זיך נישט געבן קיין עצה... נאָך וואָס האלטן מיר זיי דאָ?!

— וואָס הייסט נאָך וואָס?.. — האָט מאריא נישט פארשטאַ־נען וואָס ער מיינט. — זיי צאָלן דאָך אונדז!

— גוט, גוט, — האָט ער אומגעדולדיק א מאך געטון מיט דער האנט. — זיי האָבן באצאָלט... אָבער איך בין נישט מחויב איינ־צושטעלן מיין לעבן פאר זיי! איבעריקנס, ער אליין איז שולדיק אין דעם.

ער האָט אראָפגעלאָזט די פיס אויפן דיל.

— זיי מוזן שוין ארויס פון דאנען! — האָט ער געזאָגט, ארויפציענדיק די הויזן.

מאריא האָט אינדערפינצטער צוגעשאָקלט מיטן קאָפ.

— יאָ, יאָ, ער אליין איז שולדיק.

אָבער אין א ווייל ארום האָט זי מיט א שטילער נישט זיכער קול זיך אָנגערופן:

— סטאך, וווהין וועלן זיי גיין?

סטאך האָט אויף א רגע זיך פארהאלטן, און אומאנטשלאָ־סענער.

— וואָס גייט דאָס מיך אָן? — האָט ער א הייב געטון מיט אקסל. — איך האָב זיי געוואָלט העלפן... אָבער איצט...

באַרוועסערהייט איז ער אַריינגעגאַנגען אין דער קאַמער.

מאַריאַ איז געזעסן אויפן בעט און האָט מיט אויפגעשפּיצטע אויערן צוגעהערכט זיך צו די געדעמפטע שטימען, וואָס זיינען דער־גאַנגען פון דער קאַמער.

שאַרנדיק מיט די באָרוועסע פיס, איז סטאַך שווייגנדיק צוריק אַריינגעקומען. ער האָט פּאַמעלעך פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

— נו? — האָט מאַריאַ מיט אומגעדולד געפרעגט. — זיי וועלן אַרויס?

— ניין. — האָט סטאַך געענטפערט, אַנידערזעצנדיק זיך אויפן בעט. — זיי ווילן זיך נישט רירן פונדאַנען.

אַ לענגערע ווייל האָבן זיי ביידע געשוויגן.

— וואָס וועט זיין, סטאַך? — האָט מאַריאַ געפרעגט.

דער הימל אינדרויסן איז געוואָרן העלער. ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. סטאַך האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— דו האָסט זיי נעכטן אַריינגעגעבן עסן? — האָט ער גע־פרעגט.

— ניין! — איז מאַריאַ געבליבן זיצן אַ דערשראָקענע — איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן!

— ס'שאַט נישט. — האָט ער, באַרואיקנדיק זי אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — דו זאָלסט זיך נישט דערוועגן מער אַריינצוגעבן זיי קיין עסן, וועלן זיי מוזן אַרויס.

זיי זיינען שוין ביידע אַזוי געזעסן שווייגנדיקערהייט, ביז ס'איז טאָג געוואָרן.

אַ גאַנצן פרימאָרגן האָבן זיי מידע און צעבראָכענע אַרומגע־דרייט זיך איבער דער שטוב, ווי צעדולטע. מאַריאַ, כאָטש זי איז שוין נישט געשלאָפן צוויי נעכט, האָט זיך געהאַלטן פעסטער אויף די פיס, ווי סטאַך. זי האָט צוגעגרייט עפּעס אויף אָנבייסן. אָבער סטאַך האָט זיך נישט צוגערירט צום עסן. ער האָט כלומרשט עפּעס געטון און געהאַלטן אין איין אַרויסקוקן דורכן פענצטער.

— סטאַך, — האָט מאַריאַ זיך אָנגערופן — און אפשר וואָל־סטו אַליין אַהינגעגאַנגען צו יאַנקען? אין אַ שמועס מיט איר וואָל־סטו זיך דערוווּסט.

סטאַך האָט מיט פרייד אָנגעכאַפּט זיך אין דעם געדאַנק.

— דו ביסט גערעכט. — האָט ער געזאָגט — איך גיי שוין!

ער האָט זיך אָפּגעפּוצט די שטיוול, אַרומגעוואַשן דאָס פּנים און איז אַרויסגעגאַנגען.

ער האָט זיך געזאָמט א לאנגע צייט. מאריא איז געשטאנען ביים פענצטער און האָט אומגעדולדיק געווארט אויף אים.

פון אויפגערעגטקייט און אָנגעשטרענגטן ווארטן האָבן איר אזש געציטערט די פיס.

— ער זאָל נאָר אמאָל נישט אהיימקומען מיט א שלעכטער בשורה, — האָט זי מיט פאַרטריקנטע ליפּן געשעפּטשעט, ארויס־קוקנדיק דורכן פענצטער.

ווען זי האָט אים דערזען פונדערווייטנס, האָט איר ס'הארץ אָנגעהויבן אזוי שטארק צו קלאפּן. אָבער סטאך איז נאָר אריינגע־קומען אין שטוב א צעשמייכלטער און פריילעכער. ער האָט זיך צעלאכט, דערזעענדיק די בלאסקייט אויף איר פּנים. דערנאָך, ווען מאריא האָט זיך בארואיקט, האָט ער איר דערציילט, ווי אזוי דער וויזיט ביי יאנקען האָט אויסגעזען. ער איז געווען באגייס־טערט פון דער פריינטלעכער אויפנאמע. מאריא האָט אים גע־האלטן אין איין אויספרעגן. אלץ, וועגן וואָס דאָרט איז גערעדט געוואָרן, האָט ער איר געמוזט איבערגעבן.

— איך בין כמעט זיכער, — האָט ער צוגעגעבן צום סוף — אז יאנקע האָט יוספן נישט געזען.

סטאך האָט ערשט איצט זיך דערמאָנט, אז ער האָט היינט נישט געגעסן קיין פרישטיק. מאריא האָט ארויפגעשטעלט אויפן טיש א טאָפּ מיט מילך און אָפּגעשניטן א פּאָר לחמאס ברויט, וועלכע סטאך האָט איינס און צוויי, א הונגעריקער, ווי א וואָלף, אריינגעשלונגען. באלד נאָכן אָפּעסן האָט ער זיך גענומען צו א נויטיקער הויז - ארבעט, וועלכע האָט שוין לאנג געווארט אויף אים. ער האָט געקלאפּט מיטן העמערל און פריילעך צום טאקט צוגעפּיפן א לידל. אין שטוב איז צוריק געוואָרן היימלעך.

אָבער באלד נאָכמיטאָג איז אין גאס פּלוצעם געוואָרן א גע־רודער. ס'האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז דייטשן זענען געקו־מען אין דאָרף אריין. יונגוואַרג איז שוין מיט ציטערדיקער שרעק געשטאנען הינטער די שייערן, גרייט יעדע וויל עוקר צו זיין אין וואלד אריין, ווי נאָר דער קלאנג וועט זיך באשטעטיקן. סטאך און מאריא זענען אין בהלה אנטלאָפן אין פעלד אריין. זיי זענען צו־ריקגעקומען ערשט דעמלט, ווען די הינט האָבן אויפגעהערט צו בילן. ס'איז שוין געווען גוט פינצטער. זיי האָבן זיך דערוווסט, אז דייטשן זענען א שטיקל צייט געווען ביים סאָלטיס, האָבן זיך אויס־

געפּרעגט עפּעס אויף פאַרשידענע קלייניקייטן און זענען צוריק אַוועקגעפאָרן.

דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען איבערגעשראָקן. מענטשן האָבן שוין געוווסט, אַז דייטשן וועלן זיך נישט לאָזן אומזיסט אויף קלייניקייטן אין דאָרף אַריין. מען האָט אינערגעץ נישט אָנגעצונדן קיין ליכט. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן מענטשן זיך געזאַמלט אין גאַס און שטיל מיט ציטערדיקע. דערשראָקענע שטימען געשמועסט. דער אַלטער וווימשעך האָט גאָר אַלע אויסגעלאַכט. ס'איז זיך נישטאָ וואָס צו זאָרגן, האָט ער געזאָגט, די רוסן זענען שוין גאָר נאָענט, יעדע נאַכט, ווען ס'איז שטיל, הערט ער טויבע קראַכן פון ואויפרייסן. אַזוי האָט ער אַלע פאַרזיכערט, אָבער די מענטשן, באַהערשט פון אימה, האָבן זיך נישט געלאָזט טרייסטן.

— ווער ווייסט — האָבן זיי אים געענטפערט — וואָס פאַר אַן אומגעריכטע מתנה זיי גרייטן צו פאַר אונדז אויף דער לעצטער מינוט פאַרן אַנטלויפן.

סטאַך און מאַריאַ האָבן זיך בכלל נישט געלייגט שלאָפן. זיי זענען לאַנג געשטאַנען אויף דער שוועל און האָבן זיך צוגעהאָרכט צו דער שטילקייט.

— פונקט איצט, סאַמע ערב דער באַפרייונג — האָט סטאַך אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, — האָט געמוזט געשען דאָס אומגליק.

— הערסט?! הערסט?! — האָט ער פּלוצעם מיט א פריידיק און ציטערדיק קול אויסגערופן, אויסשטרעקנדיק א האַנט.

— וואָס? וואָס? — האָט מאַריאַ זיך דערשראָקן.

א לענגערע ווייל איז ער געשטאַנען אומבאַוועגלעך מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט און האָט געקוקט אין דער ווייטער, אומדורכדרינגלעכער פינצטערניש.

— האָסט נישט געהערט? — האָט ער געפרעגט — עטלעכע טויבע, ווייטע קראַכן.

— ניין כ'האָב גאָרנישט געהערט. — האָט מאַריאַ געזאָגט.

— דאָס האָט אַרטילעריע געשאָסן. אָ!... הערסט?... ווידער!

מאַריאַ האָט אָנגעשטרענגט דאָס געהער, זי האָט אָבער גאָר נישט געהערט.

— ס'האָט זיך דיר אַוודאי אויסגעדאַכט — האָט זי געזאָגט.

— ניין, — האָט סטאַך מיט איבערצייגונג געשאָקלט מיטן

קאָפּ — מיר האָט זיך נישט געדאכט. איך האָב דייטלעך געהערט קראכן פון אויפרייסן.

ער איז ווייטער געשטאַנען אומבאַוועגלעך מיט אויפגעשפּיצ־טע אויערן און האָט געהאָרכט. די קראכן האָבן זיך אָבער שוין נישט איבערגעחזרט.

נאָך האַלבער נאכט, ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו וויִען א קיל ווינטל, זענען זענען זיי אריינגעגאַנגען אין שטוּב אריין און זיך אנידערגעזעצט אויף דער באַנק נעבן פענצטער. די אויגן האָבן זיך זיי געקלעבט פון שלאָף. מיט באַמבלדיקע און אראָפּפאַלנדיקע קעפּ האָבן זיי געדרימלט און יעדע ווייל אויפגעכאַפּט זיך מיט שרעק.

— סטאך... סטאך... — האָט מאריא שטיל געשעפּטשעט מיט א מיד, גאַנגנדיק קול — וואָס וועט זיין?... מיר מוזן דאָך עפּעס טון... אזוי קאָן דאָך ווייטער נישט בלייבן.

סטאך האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און גאָרנישט געענטפערט.

ס'האָט שוין אָנגעהויבן צו גרויען אויף טאָג, ווי סטאך איז פּלוצעם האסטיק אויפגעשטאנען פון דער באַנק.

— ניין, — האָט ער מיט אן אנטשלאָסן קול געזאָגט — אזוי קאָן גישט זיין!... מיר קאָנען נאָך אראָפּ פון זינען! זיי מוזן שוין ארויס פונדאַנען! קיין מינוט לענגער לאָז איך זיי דאָ נישט זיין!

מיט זיכערע און אנטשלאָסענע טריט איז ער צוגעגאַנגען צו דער קאמער.

5

יוסף איז געלעגן אין אָנמאכט אויף דער ערד. ווי לאַנג ער איז אזוי געלעגן האָט ער אליין נישט געוווּסט. ער האָט אויפגעוואכט און איז געקומען צו זיך, דערהערנדיק רופן זיין נאָמען.

— יוסף!... יוסף! — האָט ביילע גערופן מיט א דערשראָקן קול.

אינדרויסן איז געווען שטיל. ס'האָט שוין נישט גערעגנט. יוסף האָט זיך געפילט זייער אָפּגעשוואכט. ער איז פאַמעלעך אויפגע־שטאַנען.

— דאָ בין איך... — ביילע.

— וווּ?... וווּ ביסטו? — האָט ביילע, שלוכצנדיק, אים געחכט אינדערפינצטער מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

זי האָט זיך פאַרהוסט. די קינדער זענען צוגעפאַלן צו אים מיט א שטיל כליפּען. ביילע האָט זיך אויסגעהוסט און אָפּגעאָטעמט.

— ווו ביסטו געווען? — האָט זי געפרעגט — מיר האָבן דיך אזוי לאַנג געדופן... איך האָב שוין געמיינט, אז ס'איז חלילה עפּעס געשען.

— וואָס דיר פעלט איין — האָט יוסף זיך באמיט צו רעדן מיט א זיכער קול, דאַנקענדיק גאָט פאַר דער פינצטערניש. איך בין געזעסן ביים באַלעבאָס אין שטוב

— איך האָב נישט געהערט דיך אריינקומען — האָט ביילע זיך געוואונדערט — און פאַרוואָס האָט מען אונדז היינט נישט אריינגעגעבן קיין עסן?

יוסף האָט א וויל געשוויגן א צעמישטער.

— זיי זיינען היינט געגאַנגען אין שטאָט אריין, — האָט ער געענטפערט. דער רעגן האָט אוודאי פאַרהאַלטן.

— און וואָס האָסטו געטון דרינען אזוי לאַנג?

— גאָרנישט. כ'האָב ארויסגעקוקט דורכן פענצטער.

ביילע איז אנטשוויגן געוואָרן. זי האָט ווידער אָנגעהויבן צו הוסטן. יוסף האָט זיך אנידערגעלייגט מיט די קינדער אויפן שטרוי, ער האָט זיי געהאַלטן ארומגענומען און צערטלעך, מיט פאַרצווייפלונג זיי צוגעדריקט צו זיך.

— די קינדער זענען הונגעריק, — האָט ביילע געזאָגט.

— שלאָפט קינדערלעך... שלאָפט! — האָט יוסף שטיל מיט א צעבראָכן קול געזאָגט — איך וועל אייך אויפוועקן, ווען דער באַלעבאָס וועט אריינברענגען עסן.

ס'איז געווען שטיל. די קינדער זענען געלעגן רואיק נעבן פאָטער. ביילע האָט שווער געאָטעמט און געהאַלטן אין איין הוסטן.

— יוסף, — האָט זי אין א צייט ארום געפרעגט — די קינדער שלאָפן שוין?

— ניין, מאַמעשי, — האָט די קליינע גיטעלע געענטפערט.

ביילע האָט נאָך עטלעכע מאָל אים געפרעגט, צי די קינדער זענען נאָך אויף און, ווען זיי זענען צום סוף איינגעשלאָפן, האָט זי אים שטילערהייט צוגערופן צו זיך.

— וואָס איז געשען, יוסף? זאָג, וואָס איז געשען?

זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען. יוסף האָט איר פון אָנהויב גע-

נעבן אויסמיידנדיקע ענטפערס, אָבער סוף כל סוף האָט ער איר אלץ דערציילט.

זיי זענען דערנאָך א גאַנצע נאכט געלעגן אויפן שטרוי שווייגנ־דיקע און פארצווייפלטע, און ביי יעדן מינדסטן שאָרך איגדרויסן האָבן זיי אויפגעציטערט פון שרעק.

די קינדער האָבן א פּאָר מאָל זיך איבערגעוועקט און שטיל, שעפּטשענדיק געפרעגט, צי ס'איז שוין דאָ עסן. און יעדעס מאָל, באַקומענדיק אַן ענטפער, אז ס'איז נאָך נישטאָ, זענען זיי שטיל צוריק איינגעשלאָפן.

אין דער פרי האָבן די קינדער ביי דער שוואכער, שאָטנדיקער שיין אין דער קאמער דערזען די שרעק, וואָס האָט זיך געמאָלט אויף די פּנימער פון די עלטערן. זיי האָבן גיכער געפילט ווי פאַר־שטאַנען, אז ס'איז עפּעס געשען. הונגעריקע און אָפּגעשוואַכטע זע־נען זיי געלעגן שטיל און האָבן נישט געמאָנט קיין עסן. שפּעטער, ארום מיטאָגצייט האָט די קליינע גיטעלע אָנגעהויבן שטיל צו בלי־פען. זי האָט, בליפענדיק, זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק און מיטן הענטל אָנגעוויזן אויפן בייכל, אז דאָ טוט איר וויי. זי האָט דערביי געציטערט פון קעלט. יוסף האָט זי ארונטערגעלייגט אונטער דער קאָלדרע נעבן דער מוטער. ס'איז איר געוואָרן בעסער, דער ווייטיק האָט אָפּגעלאָזט, אָבער זי האָט ווייטער געוויינט.

איר עלטער שוועסטערל, די ניין־יעריקע רחלע, האָט זיך אנידערגעלייגט נעבן איר און זי געפּרוּווט צו בארואיקן.

— ווען די דייטשן וועלן אוועק פון דאַנען, — האָט רחלע אריינגערעדט אין איר — וועט זיין א סך עסן. וויפל דו וועסט נאָר וועלן!

זי האָט איר צוגעזאָגט, אז זי וועט דעמלט גיין מיט איר אויף א לאָנקע. זיי וועלן ליגן אויפן גראָז און א גאנצן טאָג וועלן זיי האלטן אין איין עסן און זיך וואַרעמען אויף דער זון. אָבער ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז גיטעלע ווייסט בכלל נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס א זון. רחלע האָט איר נישט געקאָנט געבן צו פאַרשטיין און האָט מיט דער פראגע זיך געוואָנדן צום פאָטער.

— א זון, — האָט יוסף געזאָגט — איז אזא גרויסע, פייערדי־קע קויל. זי הענגט הויך, הויך אויפן הימל און וואַרעמט.

— אזוי ווי א קאָלדרע? — האָט גיטעלע געפרעגט.

— יאָ, נאָך מער, — האָט יוסף געשמייכלט מיט די אויגן,

פאַרגעסנדיק אויף א ווייל אין דער אומגליקלעכער לאגע, אין וועל־בער זיי געפינען זיך.

— זעסט! — האָט רחלע מיט אן אויסגעשטרעקטן פינגער זיך געעדותט, אז זי זאָגט נישט קיין ליגן.

און כדי זי אינגאנצן צו בארואיקן, האָט זי צוגעגעבן:

— און דעמלט וועסטו אפילו א גאנצן טאָג מעגן וויינען.

גיטעלע האָט תמימותדיק מיט אומגלייבנדיקע אויגן זי אָנגע־קוקט. זי האָט א קוק געטאָן אויפן פאָטער.

— טאַטעשי, דאָס איז וואָר? — האָט זי געפרעגט — מען וועט מיך דעמלט נישט צודעקן מיט א קישן, אז איך וועל וויינען?

— ניין, גיטעלע — האָט יוסף געענטפערט און געשווינד אויס־געדרייט דעם קאָפּ.

גיטעלע האָט שוין דערנאָך נישט געוויינט. זי האָט געהאלטן אין איין נאָכפרעגן זיך, וואָס נאָך ס'וועט זיין דעמלט...

נאָכמיטאָג האָט אויך רחלע אָנגעהויבן זיך צו באַקלאָגן אויף דעם ווייטיק אין בויך, און גיטעלע האָט ווידער אָנגעהויבן צו וויי־נען. יוסף האָט עטלעכע מאָל געפרוווט אריינצוגיין צום באלעבאָס נאָך עסן. אָבער יעדעס מאָל, ווי נאָר ער איז אדורכגעקראָכן דעם דורכגאנג, איז אים באפאלן אזא אימהדיקע שרעק, אז ער איז באלד צוריק אנטלאָפן. ס'האָט זיך אים געדאכט, אז דאָרטן באלד הינ־טער דער טיר וואַרטן אויף אים דייטשן. אן אָפּהענטיקער איז ער דערנאָך געשטאנען נעבן דורכגאנג מיט א טליענדיקער האָפענונג אין הארץ: „אפשר וועט מען זיי פאָרט אריינברענגען עסן"! שפּע־טער אביסל, ווען די קינדער האָבן אָנגעהויבן שטארקער צו וויינען און יוסף האָט זיך שוין אינגאנצן מיאש געווען, איז ער צוגעגאנגען צו א ווינקל און האָט פון הינטערן שטרוי ארויסגענומען עטלעכע אלטע, פארדארטע און פארשימלטע שטיקלעך ברויט, וואָס ער האָט אמאָל, שוין לאנג באהאלטן אויף יעדן פאל, אָבער צו פיל עסן האָבן זיי קיינמאָל נישט געהאט און ממילא האָט ער קיין סך נישט געקאָנט באהאלטן. די שטיקלעך ברויט האָבן פונקט געקלעקט פאר די קינדער צו שטילן זייער הונגער אויף א קורצער צייט. זיי האָבן לאנג געגריזשעט די הארטע, אויסגעטריקנטע שטיקלעך ברויט. דערנאָך זיינען זיי נאָך הונגעריקע, אָבער פארמאטערטע און מידע איינגעשלאָפן.

ביילען האָט א גאנצע נאכט געשטיקט דער הוסט און יוסף איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און מיט א שטארקן געראויש אין קאָפּ.

פארטאָג איז אריינגעקומען דער באַלעבאָס. יוסף איז אויפגע־שטאַנען און האָט שווייגנדיק געקוקט אויף דעם אָרט ווו די טריט האָבן זיך פארהאַלטן.

— נו, יוסף, — האָט סטאַך זיך באמיט צו ריידן רואיק — דו האָסט געטון א נארישקייט, נאָר מיר וועלן וועגן דעם נישט רעדן, ווייל ס'איז נישטאָ קיין צייט. איר מוזט אַלע שוין ארויס פון דאנען.

— וואָס?! — האָט ביילע זיך געגעבן א זעץ אויף.

נאָר דער הוסט האָט זי אָנגעכאַפּט, און זי איז שטיקנדיק זיך צוריק אנידערגעפאלן אויפן קישן.

— סטאַך, — האָט יוסף זיך אָנגערופן — דו פארשטייסט אליין, אז איך קאָן זיך פונדאַנען נישט רירן. ווען איך וואָלט געווען איינער אליין, וואָלט איך נישט געווארט, ביז דו וועסט מיר דאָס זאָגן.

זיי האָבן לאַנג געטענהט. אָבער יוסף האָט אים געהאַלטן אין איין פארזיכערן, אז ס'האָט אים קיינער נישט געזען, און אנטשלאָסן זיך אָפּגעזאָגט צו רירן פון אָרט. סטאַך האָט צום סוף אָן אויפגע־בראַכטער אים געדראָט, אז ער וועט אים צווינגען, ער זאָל ארויס.

— און קיין עסן באקומט איר בכלל נישט מער! — האָט ער געזאָגט ארויסגייענדיק.

— יוסף, ער קאָן דאָך גאָר אונדז אויסגעבן די דייטשן! — האָט ביילע מיט שרעק געשעפּטשעט.

— ניין, דאָס וועט ער נישט טון, — האָט יוסף מיט זיכער־קייט געזאָגט.

— דו ביסט זיכער, אז זי האָט דיך נישט געזען? — האָט ביילע אין א ווייל ארום געפרעגט.

— יאָ, איך בין זיכער, — האָט ער געענטפערט,

יוסף אליין האָט קוים געגלויבט אין אזא נס. פארקערט, ער איז געווען זיכער, אז זי האָט אים דווקא יאָ געזען, נאָר וואָס פאר אן עצה האָט ער געהאַט. וווהין האָט ער געזאָלט גיין? אז קיין באקאַנטע האָט ער נישט געהאַט און קיין געלט אויך נישט.

ווען ס'איז טאָג געוואָרן, זענען זיי אַלע געלעגן אָפּגעשוואַכטע און האָבן נאָר געקלערט וועגן עסן. דער מאַטערנדיקער הונגער האָט אפילו יוספן געמאַכט פארגעסן אין דער גרויסער געפאַר. אָבער פארנאַכט ־ צו האָט דער הונגער פּלוצעם אויפגעהערט צו רייסן די געדערעם. זיי זענען געלעגן פארשמאַכטע מיט צעהיצטע קעפּ און האָבן ווי אין חלום געהערט א געהודער אינדרויסן. זיי האָבן בכלל

נישט געפילט קיין שרעק. עס האָט זיך זיי געדאַכט, אז דער געדו־דער קומט פון גאָר, גאָר ווייט.

א גאַנצע נאַכט זענען זיי געווען פאַרזונקען אין א פיבערדיקן האַלבן דרימל. פון צייט צו צייט האָבן זיי אויף א ווייל אויפגע־וואַכט, ווי פון א שווערן, קאָשמאַרפולן שלאָף. מיט מטושטשע אויגן האָבן זיי געקוקט אין דער פינצטערניש און ווידער אָנגע־הויבן צו דרימלען. רחלע האָט עפּעס געהאַלטן אין איין מורמלען, און גיטעלע איז געלעגן מיט א פיבערדיק־צעפּלאַמטן קאָפּ און האָט קוים, קוים געאָטעמט.

פאַרטאָג איז דער באַלעבאָס ווידער אַריינגעקומען. יוסף האָט אויפגעוואַכט פון פיבערדיקן דרימל, ווען ער האָט דערהערט טריט. ער האָט זיך אונטערגעהויבן און מיט מי צוגעקלעפּט זיך צום דורכ־גאַנג. דער גערויש אין קאָפּ איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אינעם הילצערנעם ווענטל.

— יוסף! — האָט סטאַך גערופן.

— דאָ... בין איך — האָט יוסף געענטפערט מיט א שוואַך, באָרכלדיק קול.

א ווייל איז געווען שטיל.

— יוסף, — האָט סטאַך אָנגעהויבן צו ריידן מיט א שטיל, ווייך קול — נעכטן בייטאָג זענען געווען אין דאָרף דייטשן. זיי קענען באַלד אָנקומען. אונדזער אַלעמענס לעבן איז איינגעשטעלט. איך האָב אייך געוואָלט ראַטעווען. ס'איז אָבער אויסגעקומען פאַר־קערט. ס'איז פאַרפאַלן. איר מוזט אַרויס פונדאַנען.

יוסף איז געווען אַזוי שוואַך, אז דאָס רעדן האָט אים אַזש געמאַטערט. ער האָט פּאַמעלעך, אָפּגעהאַקט געענטפערט:

— סטאַך... דו ווייסט אַליין... אז ווי גאָר מיר וועלן... זיך באַ־ווייזן אין גאַס... וועט מען אונדז גלייך כאַפּן... און אויסגעבן די דייטשן.

— אָבער איצט איז נאָך פינצטער, — האָט סטאַך אויסגערופן — קיינער וועט דאָך אייך נישט זען!

— איך וועל נישט גיין... אינערגעץ, — האָט יוסף געזאָגט, אַניידערזעצנדיק זיך אויפן שטרוי, — ווייל איך האָב נישט ווו צו גיין.

סטאַך האָט אים אָנגעהויבן צוצורעדן, אז זיי זאָלן גיין אין וואַלד אַריין.

— איך וועל אייך צוטראָגן עסן. ס'איז דאָך נאָר אויף א קור־

צער צייט, — האָט ער אים געפּרוּווט צו איבערצייגן, — ס'וועט דאָך שוין לאַנג נישט געדויערן.

אָבער יוסף האָט אַלץ געענטפערט, אַז ער וועט זיך נישט רירן פון אָרט.

אינדרויסן האָט שוין געטאָגט. אַ שוואַכע שיין איז דורך אַ שפּאַרע אַריינגעפאַלן אין דער קאַמער אַריין.

דערזעענדיק דאָס אַריינפאַלנדיקע טאָגליכט איז סטאַך מיטאַמאָל אַריין אין כעס.

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר?! — האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען — וויניק פּויערים זיינען דאָ אין דאָרף?! טראָגט אייך אַרויס פונדאַנען, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

ער איז צוגעשפּרונגען צו אים, אָנגעכאַפּט פון הינטן ביים קאָלנער און, טרייסלענדיק זיך פון רציחה, אים געשלעפּט צום דורכגאַנג. ביילע האָט מיט אַ כאָרכלדיק קול אָנגעהויבן צו שרייען און צו וויינען.

פלוצים האָט זיך דערהערט אַ געשריי:

— סטאַך!... סטאַך!... קייטשן!!!

סטאַך איז געבליבן שטיין און האָט אָפּגעלאָזט יוספן. מיט ווילד-צעלאָפענע אויגן האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט געזוכט אַן אָרט זיך צו באַהאַלטן.

— סטאַך!... שנעלער!!! האָט מאַריאַ געשריגן.

ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און גיך דורכגעשטופּט זיך דורכן דורכגאַנג.

יוסף איז געבליבן ליגן אויף דער ערד, ווי באַטויבט. ער האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און אַ וויילע מיט מטושטשע אויגן אַרומגעקוקט זיך. פלוצעם האָט זיך און זיין מוח עפּעס אַ ריר געטאָן. ער האָט געוואָלט אויפשטיין און צוריק זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. שווער כאָרכלענדיק, האָט ער זיך צוגעשלעפּט צום דורכגאַנג, אָנגעכאַפּט מיט די הענט די ברעטער פון ווענטל און איז אויפגעשטאַנען. גרויסע טראָפּן שווייס זענען אים גערונען איבערן פּנים.

ער האָט מיט מי צוגעשלעפּט די ברעט, פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג און, אויסדרייענדיק זיך, אָנגעשפּאַרט זיך מיטן גאַנצן קערפּער אין ווענטל און מיט גרענעצלאָזער פרייד געקוקט אויף זיין ווייב און אויף די קינדער. פונדרויסן האָט זיך געהערט אַ גערויש פון אָנקומענדיקע אויטאָס. יוסף האָט אינגאַנצן געטרייסלט זיך פון שרעק.

מיטאמאָל איז די שרעק פאַרשוווּנדן פון זייַנע אויגן און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון רואיקייט און אָנטשלאָסנ־קייט. ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט און, ווי ער וואָלט באַקומען נייע פרישע כּוחות, אָנגעהויבן געשווינד אַרויפצוּוואַרפן אויף די קינ־דער און אויף ביילען הויפנס שטרוי.

ביילע האָט זיך אָנגעהויבן צו שטיקן מיטן הוסט.

— ביילע!... ביילע! — האָט יוסף, אַראָפּבייגנדיק זיך, מיט אַ כאַרכלדיק קול אַריינגעשריגן אין איר — הער, וואָס איך רעד צו דיר! אויב דו וועסט דערהערן געוואַלדן, זאָלסטו זיך גאָרנישט אָנ־רופן!... גיב אַכטונג אויף די קינדער.

ער האָט זיך אַדורכגעשטופּט דורכן דורכגאַנג, פאַרזיכטיק פון דער צווייטער זייט פאַררוקט דאָס ברעט און אַרויפגעוואָרפן פון די זייטן שטרוי. דערנאָך איז ער פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו דער טיר און געבליבן שטיין צו באַגעגענען די דייטשן און דעם טויט. ער איז געווען רואיק. ער האָט אַפילו נישט געשפּירט קיין שרעק, ווען עמעץ האָט אָנגעהויבן צו רייסן די אויסנווייניקסטע טיר פונעם הייזל. ער האָט נאָר געפילט אַ פאַרשטאַרטקייט אינעם גאַנצן לייב, אָבער פּלוצעם האָט זיך דערהערט פונדערווייטנס אַ שיסעריי. דאָס רייסן די טיר האָט אויפגעהערט. גאָר נאָענט איז עמעץ פאַרבייגעלאָפן, טופּענדיק מיט באַנאָגלטע שטיוול. דאָס טו־פּעריי האָט זיך דערווייטערט. ס'איז געוואָרן שטיל.

## 6

מאַריאַ איז געזעסן אויף דער באַנק נעבן פענצטער און האָט געקוקט אויף דער טיר צו דער קאַמער, וווּהין סטאַך איז אַריינגע־גאַנגען.

— וואָס וועט זיין?... וואָס וועט זיין? — האָט זי מיט פאַר־צווייפלונג געשעפּטשעט.

פון דער קאַמער איז דערגאַנגען דאָס אויפגערעגטע און גע־דעמפּטע קול פון סטאַכן.

ס'קאָן נאָך עמעץ דערהערן! — האָט זי מיט שרעק אַרויסגע־קוקט דורכן פענצטער.

אינדרויסן איז שוין געווען ליכטיק. מען האָט אָבער נאָך קיי־נעם נישט געזען. דאָס דאָרף איז נאָך געשלאָפן.

מאַריאַ איז אויפגעשטאַנען און האָט צעטראָגענערהייט.

אַליין נישט ווּסנדיק, וואָס זי טוט, אָנגעהויבן אויסצוגלייכן דאָס בעטגעוואַנט אויפן בעט. די הענט זיינען איר געווען שווער, ווי זיי וואָלטן געווען אויס בליי. יעדע באַוועגונג האָט איר פאַרשאַפט ווייטיק. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפן בעט. אַ ווייל איז זי געזעסן מיט אַ פוסטן, הוילן קאָפּ אָן געדאַנקען און האָט געקוקט שטאַר פאַר זיך. זי איז צוריק אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום טיש און האָט אָנגעהויבן אַראָפּצורוימען דאָס געפעס. זי האָט ווי־דער דערשפירט דעם ווייטיק אין די הענט און איז צוריק צוגע־גאַנגען צום פענצטער.

וואָס וועט זיין?... וואָס וועט זיין? — האָט דער איין און איינ־ציקער געדאַנק געעגבערט איר מוח.

דאָס דאַרף האָט אָנגעהויבן אויפצוואַכן. אין דער באַגינענ־דיקער שטילקייט האָבן זיך דערהערט סקריפּענדיקע קלאַנגען פון אויפגעעפנטע טירן. דער גרויער, פרימאָרגנדיקער הימל איז גע־וואָרן וואָס אַמאָל העלער, דורכזיכטיקער. די קליינע ווייסע וואָלקנ־דלעך האָבן אָנגעהויבן צו לייכטן מיט דעם ליכט, וואָס האָט זיך אָפּגע־שפיגלט פון דער אויפגייענדיקער זון. דער שפּיץ פון דער קעגנ־איבערדיקער טאָפּאָלע איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ בונטער רויט־קייט.

פון דער כאַטע קעגנאיבער איז אַרויסגעקומען דער אַלטער וווּטשער. אַרומוויקלענדיק זיך פעסטער מיט דעם קורצן פעלצל, וואָס ער האָט געהאַט פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען, האָט ער זיך אַ שיבער געטון און אָנגעהויבן זיך צו קראַצן אין די גרויע, צעשוי־בערטע האָר. ער האָט גענומען דעם עמער, וואָס איז געשטאַנען נעבן דער טיר, און איז צוגעגאַנגען צום ברונעם. אַ קליין, שוואַרץ הינטל איז געלאָפן פאַר אים פאָרויס, האָט געדרייט מיטן ווייִדל און יעדע ווייל זיך אָפּגעשטעלט און מיט פייכטע אויגן אים אָנ־געקוקט.

מיטאַמאָל האָט דאָס הינטל מיט אַן אויפגעהויבן פאָדערשט פיסל און אויפגעשפּיצטע אויערן זיך פאַרהאַלטן און איז אַרויס מיט אַ געבילעריי. דער אַלטער וווּטשער איז אויך געבליבן שטיין. ער איז צוגעגאַנגען צום פּלויט און האָט געקוקט לענגאויס דעם וועג, צו דער שטאָט.

מאַריאַ האָט אויפגעוואַכט פון דער פאַרשטאַרקטקייט. דער אומרו און שרעק האָט אָנגעהויבן אין איר צו וואַקסן. איבערן גאַנצן דאַרף האָבן הויך און בייז געבילן די הינט. פּלוצעם האָט זי

דערזען ווי האַרט נעבן פּלויט קעגנאיבער לויפן איינגעבויגענער־היים דריי יונגע, האַלב־אַנגעטועגע יונגען. איינער פון די יונגען האָט, פאַרביילויפנדיק, עפּעס אַ זאָג געטון צום דעם אַלטן וועכטער און אַ ווייז געטון מיט דער האַנט הינטער זיך. דער אַלטער האָט אַ קוק געטון אין דער ריכטונג פון דעם יונגס אויסגעשטרעקטער האַנט און געשווינד אָנגעהויבן צו לויפן צוריק צו דער כאַטע. מאַריאַ איז אַרויפגעפאַלן אויפן פענצטער און, צודריקנדיק אַ באַק צו דער שויב, האָט זי זייטיק אַ קוק געטון אין דער זעלבער ריכטונג. מיט אַ זייטיקן וועג זיינען, איינגעהילט אין אַ וואָלקן שטויב, אָנגעקומען עטלעכע גרינע לאַסט־אויטאָס.

מאַריאַ איז אינגאַנצן פאַרשטאַרט געוואָרן פון אימה. אָנ־שטרענגענדיק אַלע כוחות, האָט זי זיך אַ ריס געטון פון אָרט.

— סטאַך!!! סטאַך!!! — האָט זי לויפנדיק צו דער טיר גע־שריגן — דייטשן!!! סטאַך! שנעלער!!!

סטאַך איז ווי אַ ווילדער אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין.

— וווּ?!... וווּ?! — האָט ער מיט צעלאָפּענע אויגן אַרומגעקוקט זיך.

מאַריאַ איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל, און, שטיקנדיק זיך, נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון דער קעל.

סטאַך איז צוגעשפּרונגען צום פענצטער. צוויי האַלב־נאַקעטע מיידלעך זיינען געשווינד אַריינגעלאָפן אינעם שייער קעגנאיבער. סטאַך האָט דורכן פענצטער אַ קוק געטון אין דער זייט. דייטשן מיט ביקסן אין די הענט און טיפע העלמען אויף די קעפּ זיינען געשפּרונגען פון אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן וועג.

— גיכער! — האָט סטאַך מיט אַ פאַרשטיקט קול אַ געשריי געטון צו מאַריאַן — אין קאָפּיעץ אַריין צווישן די קאַרטאָפל! ער האָט מעכאַניש, נישט טראַכטנדיק דערפון, אַ כאַפּ געטון דאָס שלעסל, וואָס איז געלעגן אויפן פענצטער און איז אַרויסגעלאָפן. מיט צעטרייסלטע הענט האָט ער אָנגעהאָנגען דאָס שלעסל אויף דער טיר און איינגעבויגענערהייט געלאָפן צום שייער. פון נאָר נאָענט האָט זיך דערהערט אַ טופּעריי פון באַנאַגלטע שטיוול. סטאַך איז צוגעשפּרונגען צו דעם הויפן האָלץ אין מיטן הויף. ער האָט זיך אַנידערגעוואָרפן, שנעל אַרויפגעצויגן אויף זיך אַביסל האָלץ און איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. דער הונט האָט זיך געוואָלט אָפּרייסן פון דער קייט. עמעץ רייסט ביי דער טיר פון דער כאַטע. סטאַך האָט לייכט, קוים, קוים אונטערגעהויבן דעם

קאָפּ און דערזען צוויי דייטשן נעבן דער טיר. איין דייטש איז צו־געלאָפן צום פענצטער און האָט אַריינגעקוקט.

פּלוצעם האָבן פון קעגנאיבער זיך דערהערט בייזע, בילנדיקע געוואַלדן פון דייטשן. גלייכצייטיק האָט פון מיטן דאָרף זיך דער־טראָגן אַ שטאַרק גערודער און עטלעכע שאָסן. די דייטשן זיינען מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אַרויסגעלאָפן אויפן וועג. סטאַך האָט שנעל אַרויפגעצויגן אויף זיך מער האָלץ און איינגאַנצן זיך פאַרדעקט. די געוואַלדן קעגנאיבער האָבן נישט אויפגעהערט. סטאַך האָט פאַרזיכטיק געמאַכט אַ שפּאַרע צווישן האָלץ און גע־קוקט. עטלעכע דייטשן זיינען מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן גע־שטאַנען נעבן דעם אַלטן וויטשעכס אָפּגעבּרענט שייער. צוויי האַלב־נאַקעטע מיידלעך, די זעלבע, וועלכע סטאַך האָט פריער געזען אַריינ־לויפן, זיינען אַרויסגעקומען פונעם שייער און געבליבן שטיין פאַר די אויסגעשטרעקטע ביקסן. די געוואַלדן אינעווייניק אינעם שייער האָבן נישט אויפגעהערט. צום סוף האָבן צוויי דייטשן, אויך מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, אַרויסגעפירט אַ יינגל פון אַ יאָר 16, אַ באָרוועסן מיט אַ צעבלוטיקט פּנים און מיט אַ האַלב אָפּגעריסן העמד. אַרויסקומענדיק, האָט איין דייטש מיט רציחה דערלאַנגט דעם יינגל אַ זעץ איבערן קאָפּ. דאָס יינגל האָט זיך אַ וואַקל געטון און איז אומגעפאַלן. דער דייטש איז מיט אַ געוואַלד צוגעשפּרונ־גען צו אים און מיט אַ זעץ פון דער ביקס אים געצוווּנגען צוריק אויפצושטיין.

— לאוס! — האָט דער דייטש אַ געשריי געטון, און אַלע האָבן געעירט פון אָרט.

פון דער כאַטע איז אַרויסגעלאָפן אַן עלטערע פרוי, באָרוועס, מיט צעלאָזטע האָר. מיט אויסגעשטרעקטע, בעטנדיקע הענט האָט זי זיי פאַרשטעלט דעם וועג. אַ יונגער דייטש האָט, נישט אַראָפּנעמענדיק די גלוסטיקע אויגן פון איינע פון די מיידלעך, אַ רויט־באַקיקע און ברוסטיקע, רואיק אַוועקגעשטופּט די עלטערע פרוי:

— גיי, גיי, מאַטקאַ.

זי איז אַנידערגעפאַלן אויף די קני און האָט אַרומגעכאַפּט זיינע פוס. ער האָט געמאַכט אַ טריט פאָרויס, אָבער זי האָט פעסט געהאַלטן זיינעם אַ פוס און זיך נאָכגעשלעפּט. ער האָט בייז אַ קוק געטון אויף איר און מיט דער ביקס איר דערלאַנגט אַ שטויס

אין דער ברוסט אריין. זי האָט אָפּגעלאָזט זיין פּוס און אויסגע־צויגן זיך אויף דער ערד. די מיידלעך זיינען מיט אַ פאַרשטיקט געשריי צוגעלאָפן צו איר. אָבער די דייטשן האָבן זיי אַוועקגע־שטויסן.

— וועק! וועק! — האָבן זיי מיט אַ בילנדיק קול געשריגן און מיט די שטויסנדיקע ביקסן זיי צוגעיאָגט צום אויטאָ אין מיטן וועג.

סטאַך איז געלעגן אומבאַוועגלעך אונטערן האַלץ און האָט אינגאַנצן געציטערט פון שרעק. ער האָט זיך געריכט, אַז זיי וועלן באַלד דאָ אַהערקומען און אים געפינען.

פּלוצעם האָט פון יענער זייט וואַלד זיך דערהערט אַ שטאַרק שיסעריי און הילכיקע קראַכן פון אויפרייסן. די דייטשן האָבן, צע־טומלטע און דערשראָקענע, צונויפגעזאַמלט זיך נעבן אויטאָ. זיי זיינען געוועזן בלייך און האָבן מיט פּחד אין די אויגן געקוקט אין דער זייט צום וואַלד. פון מיטן דאָרף זיינען אָנגעקומען עטלעכע אויטאָס און האָבן זיך פאַרהאַלטן. איבערלאָזנדיק אין יעדן אוי־טאָ אַ דייטש אַלס וואַך, האָבן זיי זיך אַלע צונויפגעזאַמלט אין מיטן וועג. אַ קורצע ווייל האָבן זיי שטיל זיך באַראַטן. דאָס שיסע־ריי פון יענער זייט וואַלד איז געוואָרן שטאַרקער, ווי עס וואָלט זיך דערנענטערט. די דייטשן זיינען זיך צעלאָפן אין, איילנדיק זיך אָן אָטעם ארויפגעשפּרונגען אויף די אויטאָס. די אויטאָס האָבן באַלד גערירט פון אָרט. איין דייטש, אַן עלטערער, האָט נישט באַ־וויזן אַרויפצושפּרינגען, ווי דער אויטאָ האָט גערירט. מיט אַ פאַר־צווייפלט געשריי האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פון הינטן און, וואַרפנדיק מיט די פיס ווי אַ קינדערישער פּאַיאַץ, געפּרוווט זיך אַרויפצו־דראַפּען. דער העלם איז אים אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ, אָבער ער האָט זיך צומאָל נישט אומגעקוקט. ער האָט ווייטער געאַרבעט מיט די פיס און געמאַכט געוואַלדן. עטלעכע דייטשן אין אויטאָ האָבן אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און אַרויפגעצויגן. די אויטאָס זיינען שנעל אַוועקגעפאָרן אין דער זייט צו דער שטאָט.

נאָך די דייטשנס אַוועקפאָרן, האָט אין דאָרף אויסגעבראָכן אַ יאָמערדיק געוויין. דאָס שיסעריי פון יענער זייט וואַלד האָט אויפ־געהערט. מענטשן האָבן זיך געזאַמלט אין עק דאָרף, געקלאָגט און געיאָמערט און מיט פאַחווינטע, פאַרצווייפלטע אויגן געקוקט לענגאויס דעם וועג צו דער שטאָט, וווּ די אויטאָס זיינען פאַר־שוווּנדן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן האָבן געכאַפּט

אַ שפּאָר ביסל יונגוואַרג, כאָטש דאָס דאָרף האָט זיך, נאָך דעם נעכטיקן וויזיט, גערינכט אויף זיי.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דאָס געוויין, איז סטאַך פּאָרזיכטיק אַרויסגעקראָכן פון אונטערן האָלץ און האָט, מיט אויגן פון וועלכע ס'איז נאָך נישט פאַרשוואונדן די שרעק, אַרומגעקוקט זיך. ער איז פּאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס. מיט פאַרבראָכענע הענט און שטאַרע אויגן זיינען מענטשן ווי משוגע געלאָפן אַהין און צוריק איבער דער גאַס.

— זיי זיינען שוין נישטאָ? — האָט סטאַך געפרעגט אַ פּאַר־ביילויפנדיקע פרויערטע.

— ניין, זיי זיינען שוין נישטאָ, די באַנדיטן! — האָט די פרויערטע געענטפערט און אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין — אוי, מיין טייער קינד!... וואָס וועל איך איצט טון?!

זי איז ערגעץ אַוועקגעלאָפן.

סטאַך איז צוריק אַריינגעגאַנגען אויפן הויף.

— מאַריאַ! מאַריאַ! — האָט ער הויך גערופן.

פון קאָפּיעץ האָט זיך באַוויזן מאַריאַס קאָפּ.

— זיי זיינען שוין אַוועקגעפאָרן? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, קום אַרויס.

זיי זיינען ביידע אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס און האָבן צע־חושטערהייט אַרומגעקוקט זיך. זיי האָבן נאָך אַלץ נישט געקענט באַנעמען, וואָס דאָ איז געשען. יעדער וויל האָבן זיי זיך אָנגע־קוקט, און אין זייערע ביידנס אויגן איז געלעגן די זעלבע פראַגע: „זיינען זיי טאַקע נישט געקומען נאָך אונז? סטאַך איז אַוועקגע־גאַנגען צום עק דאָרף, וו ס'האָבן זיך געזאַמלט מענטשן. מאַריאַ האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער גאַס, איז אַריינגעגאַנגען צו די שכנים. זי האָט אויסגעהערט די מענטשנס באַקלאָגן די אַוועק־געשלעפּטע קינדער, געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיטגעוויינט מיט אַלע. זי איז צום סוף געבליבן זיצן קעגנאיבער אין דער כאַטע נעבן דעם אַלטן וויטשעכס טאָכטער, וואָס איז געלעגן אויפן בעט און האָט, פונעם קלאַפּ מיט דער ביקס אין דער ברוסט אַריין, גע־האַלטן אין איין הלשן.

סטאַך איז אַהיימגעקומען ערשט שפּעט נאָכמיטאָג. ער האָט שוין צייט געהאַט צו מאַכן אַ כוסה. די אויגן זיינען אים געווען אַביסל מוטנע און ער האָט געברומט אונטער דער נאָז אַ ניגונדל. אָבער דערפאַר האָט ער געבראַכט פריילעכע נייעס. די רוסן זיינען

שוין אין שטאָט, האָט ער דערציילט. זיי האָבן געכאַפּט די אויטאָס מיט די דייטשן, וואָס זיינען דאָ געווען אין דער פרי. סטעפּאַן נאָ-כאַק איז געקומען צו לויפן פון דער שטאָט. ער האָט געזאָגט, אַז די רוסן וועלן באַלד אַהיימלאָזן די אַלע, וואָס די דייטשן האָבן היינט געכאַפּט. זיי דאַרפן באַלד אָנקומען. מענטשן זיינען שוין זיי אַנטקעגן געלאָפן.

— עך, וועט היינט זיין פריילעך! — האָט ער זיך געריבן די הענט — אַ גאַנצע נאַכט וועלן מיר טרינקען!

— מאַריאַ... — איז ער פּלוצעם געבליבן שטיין מיט דער שראָקן-צעעפענטע אויגן — וואָס הערט זיך ביי זיי? זיי האָבן דאָך שוין נישט געהאַט אין זייער מויל עטלעכע טעג! ווער ווייסט, צי זיי לעבן נאָך?!

מיט שרעק זיינען זיי ביידע אַריינגעלאָפן אין דער קאַמער אַריין. מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם זיינען זיי געבליבן שטיין, ווי צו-געוואַקסן צו דער ערד, נעבן דורכגאַנג. יוסף מיטן ווייב און די קינ-דער זיינען געלעגן צוזאַמען אויפן שטרוי אין אַ ווינקל און האָבן עפּעס מיט אַזעלכע גרויסע, גרוויליקע אויגן זיי אָנגעקוקט. יוסף האָט געפּרוּווט זיך אויפצוהייבן, אָבער ער איז צוריק מאַכט-לאָז אַנידערגעפאַלן אויף דער שטרוי. אין אַ טויטער שטילקייט האָבן זיי אַלע געקוקט אויף זיך. מאַריאַ האָט אָנגעהויבן צו וויינען

— וואָס וויינסטו, נאַר? — האָט סטאַך אויפגעוואַכט — ברענג ניך אַריין מילך.

סטאַך און מאַריאַ האָבן דערנאָך אײנציקווייז, צוטרשט די קינדער, נאָכדעם ביילען און יוספן אונטערגעהויבן די קעפּ און זיי אַריינגעגאָסן אין די מיילער צו ביסלעך מילך. ביילע האָט זיך פאַרהוסט און די מילך באַלד אויסגעבראָכן. אָבער זי איז פאָרט געקומען צו זיך. אין אַ צייט אַרום האָבן זיי איר נאָך אַמאָל גע-געבן צו טרינקען, און זי האָט שוין די מילך פאַרנומען.

סטאַך איז שוין דערנאָך געזעסן ביי זיי דעם גאַנצן נאַכט-טאָג און האָט געהאַלטן אין איין דערציילן, וואָס היינט איז געשען אין דאָרף.

פאַרנאַכט האָט מאַריאַ אָפּגעקאָכט קאַשע און אַריינגע-בראַכט אין דער קאַמער אַריין. אַלע זיינען שוין געהאַט אַביסל גע-קומען צו זיך. מאַריאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט נעבן די קינדער מיט אַ שיסל קאַשע אויף דער קני און מיט אַ לעפל זיי געגעבן צו עסן.

סטאַך האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן. ער האָט געהאַט געווויסנסביסן פון זיין האַנדלונג אין דער פרי און געהאַלטן אין איין פאַרטיידיקן זיך, אַז ער איז נישט געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען און האָט נישט געוווסט וואָס ער טוט. אין דער גאַנצער מעשה מיט יוספן און יאַנקען האָט ער געזען אַ צייכן פון גאָט, פאַר זיין אויסבאַהאַלטן ביי זיך יוספן מיט דער משפּחה. ווייל ווען נישט די מעשה, האָט ער געזאָגט, וואָלטן זיי דאָך, ער און מאַריאַ, היינט אין דער פרי נאָך געשלאָפן און די דייטשן וואָלטן זיי זיכער געכאַפּט.

—מאָרגן, יוסף, — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — ווען דו וועסט נאָר אַביסל קומען צו די כוחות, מוזן מיר אויסטרונקען.

אַלע האָבן געשמייכלט. אפילו אויף ביילעס אויסגעצערטן פּנים האָט זיך אויך — דאָס ערשטע מאָל פאַר די צוויי יאָר, וואָס זיי זיינען דאָ געווען — באַוויזן אַ גליקלעכער שמייכל.

און דערנאָך, ווען גיטעלע האָט, דערזעענדיק טרערן אין מאַריאַס אויגן, תמימותדיק מיט אַ שטיל, שוואַך קולכל אָנגערופן זיך מיט פאָרוווּרף: „באַלעבאָסטע, דאָ טאָר מען נישט וויינען!“, האָבן אַלע זיך צעלאַכט, און מאַריאַ האָט זי אַרומגעכאַפּט און, איינהאַלטנדיק די טרערן, אָנגעהויבן זי צו קושן.

# דאָס ליד פון פּרייד

אין אַ פרילינגדיקן, פאַרוואָלקנטן פרימאָרגן האָט זיך אין אַ זייט פון אַן ענגער און רוישנדיקער גאַס, נעבן אַן איינגעפאַלן הויז, אַנידערגעשטעלט אַ דאַרער, שוואַרצער יונגערמאַן. ער האָט אַפּוירגענומען אַ טראָמפּייט פון אונטערן אָרעם און אָנגעהויבן אויף אים צו שפּילן.

ס'האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. מענטשן זייגען פאַרנומענע און איילנדיקע געלאָפן איבער דער גאַס, אָבער צוקומענדיק נאָענט צו אים, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן און מיט פאַרווונדערונג זיך צוגעהערט צו די מאָדנע קלאַנגען פון דעם טראָמפּייט.

דער יונגערמאַן איז אַ לייכט־איינגעהויקערטער, מיט שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזטע אויגן, געשטאַנען נעבן דעם הויפן ציגל און געשפּילט אַ טרויעריקן, וויינענדיקן ניגון. ער האָט געשפּילט לאַנגזאַם, רואיק, אָן דער מינדסטער אָנשטרענגונג און מיט אַן אויסערגעוויינלעכער לייכטקייט אַרויסגעברענגט פון דעם בלאָז־אינסטרומענט צאַרטע און זינגענדיקע טענער, ווי פון אַ פידל.

נעבן אים איז געשטאַנען אַ קליין פינף־יעריק יינגעלע מיט אַן אויסגעשטרעקט היטל אין הענטל. דאָס יינגעלע, ענלעך צו אים, מיט אַ טונקל־הנוהדיק פּנימל, האָט מיט תמימותדיק־צעעפנטע און טרויעריקע אויגן, ווי דער ניגון, וואָס זיין פאָטער האָט געשפּילט, אַרומגעקוקט זיך אויף די מענטשן.

ס'איז געווען אין דער צייט, ווען דער הונגער אין געטאָ איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער און שרעקלעכער, די געטאָ־גאַסן האָבן געווימלט מיט בלערליי זינגער און מוזיקאַנטן. אַ גאַנצן טאָג האָט איבערן געטאָ זיך געטראָגן דאָס געוויין פון פליימן און פידלען אין דאָס שאַלנדיקע טרומייטערן פון טראָמפּייטן. אַרום דעם שפּילנדיקן יונגערמאַן האָבן זיך געזאַמלט וואָס אַמאָל מער מענטשן. אַלץ האָט געגאַפט.

— ווער איז דאָס?... ווער איז דאָס? — האָט איינער געפרעגט ביים אַנדערן.

אַז אַלט פֿאָרפֿאָלק האָט, פֿאַרבײַגײענדיק, אױך זיך אָפּגעשטעלט. דער אַלטער מאַן, אַ הױכער מיט אַ קלײן שפּיציק בערדעלע אָרעם, אָבער רײן און ציכטיק אָנגעטאָן, האָט זיך צוגעהערט אַ װײַל אַהין מיט שנעלע, ענערגישע באַװעגונגען אַדורכגעשטופּט זיך צװישן די מענטשן. ער האָט געװאָרפֿן אַ קורצן בליק אױף דעם שפּילנדיקן יונגנמאַן און צוריק צוגעגאַנגען צו זײַן װײַב.

— דו געדענקסט? — האָט ער זיך אָנגערופֿן צו איר — פֿאַר דער מלחמה, אין דער פֿילהאַרמאָניע, איז אינעם אָרקעסטער אין דער רעכטער זײַט געזעסן אַ שװאַרצער יונגערמאַן מיט אַזאַ טונקל פּנים?... ער האָט אַזױ שײן געשפּילט אױפֿן טראָמפּײט... דו דערמאָנסט זיך?

אַ קורצע װײַל האָט זי, קנײטשנדיק דעם שטערן און מרורזשענדיק די אױגן, געקוקט אױף אים.

— יאָ, יאָ כ'געדענק!... כ'געדענק! — האָט זי, דערמאָנענדיק זיך, גיך געשאָקלט מיטן קאָפּ.

אירע אַלטע, האַלב־פֿאַרלאָשענע אױגן האָבן באַקומען אַ לעבעדיקן קאָליר, אױף איר פּנים האָט זיך באַװיזן אַ בענקענדיקער, אומעטיקער שמייכל.

— דאָס איז ער. — האָט איר מאַן שטיל אַ זאָג געטאָן.

זי האָט זיך אױך צוגעשטופּט. אַ לענגערע װײַל איז זי געשטאַנען און געקוקט אױף דעם גלאַנצנדיקן טראָמפּײט. אין אירע אױגן האָבן זיך באַװיזן טרערן. דערנאָך האָט זי מיט אַ ציטערדיקער האַנט לאַנג געזוכט אין דער האַנטטאַש און, אַרײַנלײגנדיק עפּעס דעם קלײנעם ייִנגעלע אין היטל אַרײַן, צוזאַמען מיט איר מאַן פּאַמעלעך אַװעקגעגאַנגען.

דער יונגערמאַן האָט געטרומײטערט אַ לאַנגע צײַט. ער האָט געשפּילט אַי טרױעריקע, אַי פֿרײלעכע ניגונים. פֿון צײַט צו צײַט האָט ער איבערגעריסן דאָס טרומײטערן אױף עטלעכע מינוט, כּדי זיך אַביסל אָפּצורוען. ער האָט דעמלט שטאַרק באַשעפּטיקט גערײניקט דעם טראָמפּײט און אַפֿילו קײן אײנמאָל נישט אַ קוק געטון אױף די מענטשן אַרום.

ס'איז שױן געװען שפּעט נאָכמיטאָג, װען ער האָט דעם טראָמפּײט צוריק אַרונטערגענומען אונטערן אָרעם, דאָס געלט פֿונעם ייִנגלס היטעלע אַרײַנגעלײגט אין טאַש אַרײַן און, נישט אױפֿהײבנדיק די אױגן, שנעל אַװעקגעשפּאַנט.

אויפצומאָרגנס האָט ער זיך ווידער באַוויזן אויף דעם זעלבן אָרט. און ווידער האָבן מענטשן זיך געזאַמלט אַרום אים און מיט באַוואונדערונג צוגעהערט זיך צו דעם שפּילן, פאַרגעסנדיק אויף אַ ווייל אין זייער טרויעריק און פינצטער לעבן.

פון דעמלט אָן איז ער אין פאַרלויף פון אַ לענגערער צייט, יעדן פרימאָרגן, פּינקטלעך אין דער זעלבער שעה געקומען צו גיין. ער האָט זיך כמעט קיינמאָל נישט איבערגעחזרט, יעדן טאָג געשפּילט אַנדערע ניגונים. מענטשן אין גאַס האָבן זיך צוגעוווינט צו אים, צו דעם קלאַנג פון זיין טראָמפּייט און אויב ער האָט זיך ווען עס איז פאַרשפּעטיקט, האָבן זיי מיט לייכטער אויפגערעגטקייט געקוקט אויף דעם פּוסטן, ליידיקן אָרט און מיט אומגעדולד געוואַרט. אָבער פון אַ געוויסן טאָג אָן האָט ער זיך שוין מער נישט באַוויזן.

— ווער ווייסט, — האָבן מענטשן מיט באַדויערן געשאָקלט מיט די קעפּ — צי ער איז אַמאָל נישט אויסגעגאַנגען פון הונגער.



ס'האָט געשפּרייט אַ דינער, דראָבנער רעגן. די שמוציקע און קוימיקע גאַס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן. אין די זייטן נעבן די מויערן, האָבן אויסגעדאַרטע און אויסגעטרוקנטע מענטשן, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע מיט קוים פאַרדעקטע לייבער, מיט שמאַטעס אַרום די פּיס אָנגעשטאָפּט שיך, געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע, קוקנדיק שטאַר פאַר זיך מיט גרויסע, פון הונגער אַרויסגעזעצטע און פאַרגליווערטע אויגן. פרויען האָבן זיך נאָך פון באַגינען אָן געשטופּט נעבן די געוועלבלעך, צו וועלכע מע האָט אין מיטן דער נאַכט אַריבערגעשמוגלט איבער דער געטאָ-מויער קליינטשיקע פּישלעך — סטינקעס, וואָס זיינען זייער ביליק און דעריבער צוטריטלעך אפילו פאַר די אָרעמסטע.

איבער דער גאַנצער גאַס האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס געשטאַנק פון די קליינטשיקע פּישעלעך, וואָס זיינען אין די מיליאָנען, צעקוועטשטע און פוילנדיקע, געלעגן אין קעסטלעך כמעט אין יעדן געוועלבל.

אין מיטן גאַס האָט מען געהאַנדלט. יונג און אַלט האָט געטראָגן עפּעס אויף די הענט צו פאַרקויפן. ווער אַ פּאָר אַלטע הויזן, ווער אַ פּאָר שיך, אַ העמד.,, ווו נישט ווו האָט ווער, אָפּשטעלנדיק זיך עמעצן פאַרהאַלטן; און גלייך האָבן זיי מיט לויפנדיקע אויגן באַטראַכט איינער ביים אַנדערן די „סחורה" אויף די הענט. אַ

רעדל „סוחרים“ איז שוין געשטאַנען אַרום זיי און מיט אומגעדולד אויסגעקוקט די מינוט, זיי זאָלן זיך צעגיין, כדי אַליין פּרוּוון צו קויפן די זאַכן.

אַ דין קלינגענדיק קולכל פון אַ קליין ייִנגעלע מיט אַ קעסטעלע אויפן בויך הילכט איבער דער גאַס:

— פּאַפּיראָסן! פּאַפּיראָסן!... זיסע צוקערלעך — האָניק!

ערגעץ אין אַ זייט האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אַ קאַפּעלע. פון דעם טומלענדיקן געוויש אין גאַס איז אַרויסגעשווומען אַ שטילער האַרציקער ניגון פון אַ פידל. אַ קורצע צייט האָט דער ניגון געשוועבט איבער דער גאַס, געקלאַגט און געיאָמערט, ווי אַ קליין, שוואַך קינד. אָבער וואָס ווייטער ווערט דער ניגון אַלץ הייסער און שטאַרקער. עס האָט אים שוין אונטערגעכאַפּט נאָך אַ פידל אין באַלד דערנאָך אַ באַס. עס רייסט זיך אַריין אַ פלייט, ווי אַ זילבערן גלעקעלע, און דער ניגון ווערט וואָס אַמאָל געשווינדער און פריי־לעכער.

פּלוצעם צעשאַלט זיך אַ טראָמפּייט מיט אַ פריידיק און היל־כיק געזאַנג. די שמוציקע בלאַטע פאַרשווינדט פון דער גאַס. מענטשן פאַרגעסן פון דער נויט און פּיין, פון דער זאָרג פאַר אַ שטיקל ברויט. דער שאַלנדיקער טראָמפּייט הילכט מיט אַ וווּנדער־לעך־שיינעם, אימפּעטיקן ריטם. זיינע יאַגנדיקע און שטיפעריש זיך איבעריאַגנדיקע טענער טראָגן זיך איבער דער גרויסער, חושכ־דיקער גאַס, ווי זיי זאָלן וועקן און רופן צום לעבן, צום אויסדרייער.

אַרום דער קאַפּעלע זאַמלען זיך אָן אַ שיעור מענטשן.

— ס'איז דאָך דער שוואַרצער טראָמפּייטער! — האָט עמעץ מיט פרייד און פאַרוווּנדערונג אויסגערופן.

— אוי, טאַקע... ס'איז דאָך ער! — האָט מען פון אַלע זייטן גערופן.

אַלע האָבן אינעם אומגעריכטן באַווייזן זיך פון דעם שוואַרצן טראָמפּייטער, אין וועלכן מען האָט שוין באַלד געהאַט פאַרגעסן, דערזען אַ שטראַל פון האָפנונג, אַן אָפּשיין פון דער זון, וואָס וועט נאָר אפשר אַמאָל אויפשיינען...

אַ האַלב־נאַקעטע פרוי, אין וועלכער ס'איז שווער צו דערקע־נען איר עלטער, טרעט פאָרזיכטיק מיט באָרוועסע, געשוואָלענע פיס, ווי קלעצער.

— ליבע מענטשן, — בעט זי זיך און שטופּט זיך צווישן עולם — לאָזט מיך צו נענטער!

זי בלייבט שטיין, שאקלט מיט איר רויזעדיקן, וואסערדיקן און האלב־אויסגעקראכענעם קאפ און איבער די בלויע בערגלעך פון געשווילעכץ אויף איר אויפגעלאפן פנים רינט א טרער.

און דער טראמפייט הערט נישט אויף צו שאלן. זיין קלאנג ווערט וואס אמאל העכער און געשווינדער. עס דאכט זיך, אז אנצאליקע מחנות באפרייער שוועבן אין דער לופט.

* * *

א גאנצן זומער, ביז אין טיפן הארבסט אריין, האט דער שווארצער טראמפייטער געטרומייטערט איבער די גאסן און געסלעך פון ווארשעווער געטא. ער איז געווארן באריימט ביי דער יידישער באפעלקערונג. קינדער זיינען מיט גלאנצנדיקע אייגעלעך און פריידיק צעשמייכלטע פנימלעך גאנצע טעג נאכגעלאפן זיין קאפעליע. ווי נאר ס'האט זיך פון ערגעץ־ווו דערהערט א טרומייטערן האבן זיי גלייך זיך אויפגעהערט צו שפילן, אויסגעשטעלט די אויערן און, דערקוויקנדיק פונדערווייטנס דעם איינציקארטיקן, קרישטאל־ריינעם און זילבערדיקן קלאנג פון זיין טראמפייט, פון אלע זייטן אנגעהויבן צו לויפן.

— דער שווארצער טראמפייטער!... דער שווארצער טראמפייטער! — האבן זיי, לויפנדיק, צו ווייסן געגעבן איינער דעם אנדערן.

מענטשן זיינען אין היץ און רעגן געשטאנען ארום זיין קאפעליע און אין פארגעסנקייט פון אנטציקונג צוגעהערט זיך צו זיין וואנדערלעך שפילן.

און ער, דער שווארצער טראמפייטער, האט שוין נישט באהאלטן, ווי אמאל, זיין בליק אונטער די שעמעוודיק־אראפגעלאזטע ברעמען. ער איז געשטאנען אויסגעגלייכט מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ און אפענע, צעשטראלטע אויגן און, האלטנדיק דעם טראמפייט אויסגעשטרעקט צום הימל, אריינגעשאלט אין אלעמענס הערצער בטחון און טרייסט.

אין הארבסט איז די נויט און הונגער אין געטא געווארן אימה־דיק גרויס. די גאסן־זינגער און מוזיקאנטן האבן אויפגעהערט צו פארדינען אויף א שטיקל ברויט און אנגעהויבן מאסנווייז אויסצושטארבן. פון טאג צו טאג איז זייער צאל געווארן קלענער און קלענער. און מיטן אנקומען פון די ערשטע פרעסט זיינען זיי כמעט אינגאנצן פארשוואונדן פון די גאסן. דעמלט איז אויך דער שווארצער טראמפייטער צוזאמען מיט זיין קאפעליע פארשוואונדן. ס'איז

פאַרבײַ אַ צייט, מענטשן האָבן טיילמאָל זיך דערמאָנט אין אים און אים באַדויערט.

אָבער אין פרילינג, ווען די זון האָט אויפסניי אָנגעהויבן צו וואַרעמען, האָט ער זיך ווידער באַוויזן אויף דער גאַס. אַן אויס-געדאַרטער און אָפּגעשוואַכטער, ווי נאָך אַ לאַנגער קרענק, איז ער מיט גרויסע, פאַרלאָשענע און פאַרגליווערטע אויגן געזעסן אויף אַ בענקל נעבן אַ טויער מיטן טראָמפּייט אויף דער קני. אויף דער ערד נעבן אים איז געלעגן דאָס קינדישע היטעלע, וואָס איז אים אי-בערגעבליבן נאָך זיין קליין אײנציק ייִנגעלע. פאַרבייגייער האָבן טיילמאָל, וואַרפנדיק אַ גלייכגילטיקן בליק אויף אים, אַריינגעלייגט אַ נדבה אינעם היטעלע און געגאַנגען ווייטער. קיינער האָט אים נישט דערקענט.

טאָג-טעגלעך איז ער אַזוי יעדן נאָכמיטאָג געזעסן אויפן בענקל, זיך געוואַרעמט אויף דער זון און מיט זיינע פאַרלאָשענע אויגן גע-קוקט שטאַר פאַר זיך.

אײנמאָל אין אַ פאַרנאַכט, קורץ פאַר זון-פאַרגאַנג, איז ער גע-זעסן פאַרן טויער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויף דער ברוסט און פון אָפּגעשוואַכטקייט געדרימלט מיט האַלב-אָפענע אויגן. די זון, אַ גרויסע און רויט-צעגלימטע, האָט אַראָפּגענידערט וואָס אַמאָל טי-פער און פאַרגייענדיק באַלויכטן די גאַס מיט אַ בונטער רויטקייט. פונדערווייטנס האָבן עטלעכע קינדער זיך געשפּילט אויף דעם קליי-נעם, זאַמדיקן פּלאַץ און, יאָגנדיק זיך, איבערגעהויבן אַ גאָלדענעם שטויב. אין גאַס איז געווען רואיק, שטיל, קיין „סוחרים" זיינען שוין נישט געווען. רעחלעכער מענטשן זיינען געשטאַנען און גע-שמועסט.

פלוצעם איז געוואָרן אַ מהומה. מענטשן האָבן אין בהלה אָנ-געהויבן צו אַנטלויפן, צו באַהאַלטן זיך אין די טויערן.

ווען דער שוואַרצער טראָמפּייטער האָט אויפגעוואַכט פון זיין האַלבן דרימל, זיינען שוין געשטאַנען נעבן אים עטלעכע דייטשן. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און ווי אַ פאַרשטיינערטער, אָנ-האַלטנדיק זיך אינעם בענקל, געבליבן שטיין אויף די וואַקלענדי-קע פיס.

די דייטשן האָבן געוואָרפן אַ בליק אויף זיין פּנים, אויף דעם טראָמפּייט אין זיין האַנט און זיך צעשמייכלט.

— דו ביסט אַ „מוזיקער"? — האָט אַ דיקער, אויסגעפרעסע-

נער דייטש מיט אַ ציגאַר אין מויל געפרעגט, פאַרקרומענדיק מיט חוזק די מגושמדיקע ליפּן.

— יאָ, יאָ — האָט דער שוואַרצער טראָמפּייטער מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— טאָ שפּיל אונדז עפּעס אויף!

ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט אויפצוהייבן דעם טראָמפּייט, אָבער ער האָט זי מאַכטלאָז צוריק אַראָפּגעלאָזט.

— שפּיל! — האָט דער דייטש באַפעלעריש אַ געשריי געטאָן.

ער האָט אויפגעהויבן די האַנט, צוגעשטעלט דעם טראָמפּייט צום מויל — און אַ בלאָז געטאָן. ס'איז אָבער גאָרנישט אַרויס. ס'האָט זיך נאָר געהערט דער שטילער, בייזנערדיקער קלאַנג, וואָס דער זיך טרייסלענדיקער טראָמפּייט האָט אַרויסגעגעבן, קלאַפּנדיק אין זיינע ציין. ער האָט געוואָלט אַראָפּלאָזן די האַנט, אָבער דאָס געשריי פונעם דייטש האָט צוריק צוגעדרוקט דעם טראָמפּייט צו זיינע ליפּן. ער האָט געגעבן עטלעכע בלאָז, און פונם טראָמפּייט זיינען אַרויס פיר הייזעריקע און כאָרכלדיקע קלאַנגען. ער האָט נאָך אַמאָל אַ בלאָז געגעבן, און ווידער האָבן זיך דערהערט די זעלבע עטלע־כע טענער.

אויף אַ קורצער וויל האָט ער פאַרגעסן אין די דייטשן, וואָס שטייען אַרום אים. „וואָס איז דאָס“? האָט זיין אָפּגעשוואַכטער און רווישנדיקער מוח מיט אָנשטרענג געטראַכט וועגן די פיר טע־נער, וועלכע זיינען געוועזן אַז אָנהויב פון אַ ניגון.

— שפּיל! דו פאַרפלוכטער יודע! — האָט דער דייטש אַ גע־שריי געטאָן מיט רציחה.

ער האָט ווידער אָנגעהויבן פון די זעלבע פיר טענער און ווייטער געצויגן דעם ניגון. שפּילנדיק, האָט ער מיט אויף טויט־דערשראָ־קענע אויגן געקוקט אויף די דייטשן און אינגאַנצן געציטערט פון שרעק. אָבער זיין מוח איז אַז זיין וויל געוועזן פאַרנומען אַלץ מיט דעם זעלבן געדאַנק.

„וואָס איז דאָס?.. וואָס איז דאָס?“ האָט ער געטראַכט וועגן דעם ניגון, וואָס ער האָט געשפּילט און נישט געקאָנט זיך דערמאָ־נען.

די דייטשן האָבן זיך צעלאַכט מיט אַ טומלדיק געלעכטער.

— מע, בע, מע! — האָט אַ יונגער דייטש מיט לאַכעדיקע אויגן אים נאָכגעשפּעט.

אין דער זעלבער רגע האָט ער זיך דערמאָנט:

„יאָ.. דאָס איז דאָך... דער פינאַל פון דער ניגון!..." א וואַרעמקייט איז אויפגעגאַנגען אין זיין קערפּער. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן.

— יאָ, — האָט דער דיקער, אויסגעפּרעסענער דייטש זיך אָנגערופן צו זיינע קאַמעראַדן — דאָס איז אמתע יידישע מוזיק...

— שפּיל וויטער! — האָט ער אַ געשריי געטון, דערזעענדיק, אַז ער פאַרהאַלט זיך.

דער שוואַרצער טראָמפּייטער האָט מיט ברייט-צעעפנטע, פאַרחידושטע אויגן, געקוקט אויף די לאַכנדיקע דייטשן:

„פון בעטהאָווענען!..." —

און מיטאַמאָל האָט ער אויפגעהערט צו ציטערן פון שרעק. אַרום זיינע מויל-ווינקלען האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער שמייכל. ער האָט ווייטער געשפּילט, אָנהייבנדיק נאָך אַמאָל פון אָנהויב. זיינע ליפּן האָבן זיך ביסלעכווייז, פון זיך זעלבסט, צוגעפּאַסט צו דעם מוילהאַלטער פון טראָמפּייט, כדי אָן אָנשטרענגונג אַרויסצובאַקומען אַ קלאָרן טאָן. די טענער, פון אָנפאַנג אומזיכערע און הייזעריקע, זיינען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ זיכערער. זיין אויסגעמאָגערט און אויסגעמאַטערט פּנים האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ לעבעדיקע פאַרב, אָנגעהויבן צו שטראַלן מיט דעם אינעווייניקסטן פייער, וואָס האָט אים באַהערשט. די דייטשן זיינען פאַרשוווּנדן פון זיינע אויגן. אַן אויסגעגלייכטער, מיט דעם בליק געוואָנדן אויף דער רויטער שיין פון דער פאַרגאַנגענער זון, האָט ער האַלטנדיק ווי אַמאָל דעם טראָמפּייט אויסגעשטרעקט צום הימל, געשפּילט רויִק, מיט אַ גלייכמעסיקן ריטם, דאָס ליד פון פרייד.

די דייטשן האָבן נישט אויפגעהערט צו לאַכן און אָפּצושפּעטן פון דער יידישער מוזיק. זיי האָבן צום סוף זיך אויסגעדרייט און, אַוועקגייענדיק, אָנגעהויבן צוצוזינגען צום טאַקט פון דעם שאַלנדיקן טראָמפּייט אַ זעלנעריש לידל.

אין דער ליידיקער און אויסגעשטאָרבענער גאַס איז געוואָרן וואָס אַמאָל פינצטערער און פינצטערער, און דער שוואַרצער טראָמפּייטער האָט מיט אַ קרישטאָל-ריינעם, זילבערנעם קלאַנג, ווי אַמאָל, ווייטער געשאַלט דאָס ליד פון פרייד.

סוף

# אינהאלט:

## באמערקטע דרוק=פעלערן:

| זייט | שורה | אנשטאט | דארף זיין: |
|---|---|---|---|
| 7 | 9 | היפש=כארכלענדיק | חיהש=כאָרכלענדיק |
| 24 | 23 | נאָר | נאָך |
| 32 | 2 | עס | ער |
| 55 | 29 | אויסגעגאנגען | אויפגעגאנגען |
| 65 | 12 | אָפגעלאָזט | אַראָפגעלאָזט |
| 66 | 23=22 | האַט זי אָנגעהויבן גאַליק צו שמייכלען. — דו וועסט... | — דו וועסט נישט גייז, הא? האָט ער אָנגעהויבן גאַליק צו שמייכלען |
| 67 | 19 | בייסנדיק | ביילנדיק |
| 69 | 30 | צוגעלאָפן | צוגעפאַלן |
| 73 | 30 | ריידן | רייטן |
| 102 | 12 | צוגעקלעפט | צוגעשלעפט |
| 103 | 33 | מיט גרענעצלאָזער פרייד | מיט גרענעצלאָזן פחד |

## ביכער דערשינענע אין אונזער פארלאג:

1) „מלכות געטא" — נאָוועלן פון ישעיהו שפיגל
2) „דער מענטש וועט גוט זיין" — משלים פון ל. אַליצקי
3) „אויף די חורבות" — פּאָעמען פון חיים גראַדע
4) „מים אש אויבן קאָפּ" — לידער פון א. זאק
5) „א בוים אין ווינט" — דערציילונגען פון י. אָקרוטני
6) „ייִדן אָן געלט לאַטעס" - סקיצן פון הערש סמאָליאַר
7) „דער מלך שאול" — ביבלישע טראַגעדיע פון י. אשענדאָרף
8) „דער אָפּגרונט רוישט" — לידער פון גוטע גוטערמאַן
9) „א ייד צווישן פויערים" — פּיעסע פון ש. דיאמאנט
10) „דורך שאָטן און שיין" - לידער און פּאָעמען פון בינעם העלער
11) „א פענצטער צו דער וועלט" — לידער פון פסח בינעצקי
12) „צו לויטערע ברעגן" — לידער פון רייזל זשיכלינסקי
13) „רואינען אין זון" - לידער און פּאָעמען פון לייב מאָרגנטוי
14) „אין א פינסטער שטאָט" — דערציילונגען פון יצחק גוטערמאַן



רעדאקציע פון פארלאג:
ל. אליצקי    ד. ספארד

